משה נאַדיר

# געקליבענע ווערק

III



ווילנער פאַרלאַג פון ב. קלעצקין

משה נאַדיר

# מיינע הענט האָבן פאַרגאָסן דאָס דאָזיקע בלוט

וועגן ביכער, שרייבער און טעאטער

1927

ווילנער פארלאג פון ב. קלעצקין

# אינהאַלט:

# די מענטשלעכע נאטור

א בוך מיט א מאטע באַלערנטן לעזע־שטאָף,
ארויסגעגעבן פון דער גאָטהייט. זעלבסטפאַרלאַג.

שרייב איך מיר קריטיק.

דער רעדאַקטאָר פון אַ געווויסן וואָכנבלאַט איז געווען פריינטלעך גענוג מיר אָנצובאָטן די אַרבעט.

איך האָב עס אָנגענומען. נישט ווייל איך דאַרף דאָס געלט — איך בין אַ ווילהאַבנדער מענטש! נאָר ווייל עס איז ביי מיר אַ פאַרגעניגן צו רוינירן די קאַריערע פון אומשולדיקע מענטשן, ווייל עס איז ביי מיר אַ בלוטיק פאַרגעניגן צו זען ווי אַזוי שריפטשטעלער, וואָס האַלטןביים אַרויסגעבן ביכער, ווערן פריינטלעכער צו מיר פון וואָך צו וואָך. וואָס נעענטער עס קומט צום טאָג פון דעם ערשיינען פון זייער ווערק, אַלץ צוגעלאָזע־נער ווערן זיי צו מיר, אַלץ העפלעכער, אַלץ מער דריקן זיי אויס זייער גלויבן אין מיין טאַלאַנט, אַלץ מער זענען זיי אי־בערצייגט, אַז מיט מיר וועט נאָך אַמאָל קלינגען די וועלט. אַזוי זאָל זיי גאָט העלפן, ווי זיי מיינען עס מיטן גאַנצן האַרץ.

איך בין אַ קריטיקער, אַ שריפטשטעלער. איך קום כמעט אַלע טאָג אין דער שרייבערשער קאַפע, טרינק סעלערי־וואַסער, קוק אויף מיין שטרוי־הוט, וואָס הענגט אויף דער וואַנט אַביסל צו ווייט פון מיר און איך דריק מיך אויס, אַז מיר לעבן אין אַ גרויסער צייט. קעלנער צאָלן!

מיינע פאַרגעניגנס זענען וויניק אָבער קאָמפּליצירט. איך האָב ליב צו זעען מיין בילד געדרוקט אונטער מיין נאָמען מיט בוימלעך פון ביידע זייטן. אַמאָל קומט אַרויס אַ קליינער פלעק אויפן שטערן פון מיין בילד, ווייל די דרוק־פרעסן אַרבעטן נישט אַלעמאָל ווי עס דאַרף צו זיין. דעמאָלט ערגער איך מיך

שרעקלעך! אין אַזאַ טאָג ווייסן שוין אַלע מיינע הויז־מענטשן,
אַז איך בין אין אַן אויפגערעגטן צושטאַנד און זיי כאַפּן אַוועק
די טעלער פון טיש, איידער איך קאָן זיי דערגרייכן; כאַפּן אַרונטער
ס׳שטייגל מיטן געלן קאַנאַרעק און באַהאַלטן אים אונטערן בעט—
איך זאָל אים נישט דערוואַרגן.

— — — אָבער נאָך מער ווי מיין בילד האָב איך ליב
צו הערן, ווי מען לייענט מיינע שריפטן אין דערהויך. דעמאָלט
שטיי איך ביים טיש און קוק כלומרשט אין שפּיגל צו זען, צין
מיין קראַוואַט שלאָפט אויף זיין רעגלמעסיק אָרט. אָבער אי
דעראמתן קלאַפּט מיר די נשמה שטאַרקער ווי תמיד, אַ האַ רצ
רויטקייט פלאַמט מיר אַרויף צו די באַקן, און אַז איך הער, ווי
מען לייענט מיינע ווערטער, דוכט זיך מיר, אַז איך רעד דאָס צו־
זיך אַליין מיט אַ פרעמד קול, וואָס איז אַזוי אומערהערט־מעלאָו,
דיש. און יעדעס וואָרט איז אַ ז ו י קלוג, אַז ס׳איז צו שטוינען־
וויאַזוי אײן (1) מענטש אַליין האָט דאָס געקאָנט אויסטראַכטן.

איך האָב אויך אַ נ ד ע ר ע פּאַרגניגנס. זיי זענען ווייניק קול־
טורעל, אָבער מענטשלעך. טיף מענטשלעך. כמעט יעדע נאַכט, אַז
כ׳האָב צייט. אַז איך בין נישט פאַרנומען מיט באַוווּנדערן די
נאַטור, ספּעציעל פאַר דעם הערר ווינציגערס זשורנאַל, גיי איך
מיר אַוועק אין די פילמבילדער און פאַר געציילטע צען סענט
האָב איך דאָס גליק צו זען, ווי צענדליקער מענטשן ווערן דער־
שאָסן פאַר מ יי נ ע א ו י ג ן, און ווי אַנדערע שוועבן גלאַט אַזוי
צווישן לעבן און טויט, בשעת איך זיץ מיר אין דער קיל, מיט
דעם אויסגעשטערנטן הימל איבער מיין קאָפּ. און איך טראַכט
מיר אַזוינע לופטיקע געדאַנקען!

איך האָב אויך געוויסע פאַרגניגנס, וועלכע מענטשן רעכע־
נען פאַר ג יי ס ט י ק ע. איינס פון אָטאָדי־אָ פאַרגניגן פון רעטן
די מענטשהייט. כמעט יעדן טאָג ראַטעווע איך די מענטשהייט עט־
לעכע מאָל. פאַראַכטאָגן מאָנטאג האָב איך געגעבן פינף סענט
צום רויטן קרייץ און דערמיט געראַטעוועט מיליאָנען מענטשן
פון שרעקלעכע יסורים. דינסטאג האָב איך געגעבן פינף סענט
פאַר דער תלמוד־תורה און געראַטעוועט טויזנטער יידישע קינ־

דער פון דער געפּאַר, וואָס לויערט אויף זיי אין די קריסטלעכע שולן. מיטוואָך האָב איך געקויפט אַ שקאַרמיץ פּאַפּקאָרן פאַר פינף סענט און זיך אַליין געראַטעוועט פון אַ זיכערן הונגער־טויט.

אָבער נישט אַלעמאָל איז *שטעק־שיך־צייט* אפילו ביי אַ ליטעראַט. דאָס לעבן האָט אויך זיין ערנסטע זייט, זיין מעמענטאָ מאָרי. טרעפט אַמאָל, אַז איך אַליין ווער באַשריבן אין די צייטונגען, מיינע שוואַכקייטן ווערן אָנגענומען ביי קאָפּ־און־פּיס און געטראָגן אויף די פּלייצעס פון מיינע קאָנקורענטן איבערן מאַרק צו דער הינטערגאַס אַרונטער און פון דאָרטן צוריק אין מאַרק־אַריין, כדי אַלע זאָלן זען און זיך אַראָפּנעמען אַ מוסר.

דער שרייבער ווערט באַשריבן, דער קריטיקער ווערט קריטיקירט. און די נקמה איז זיס, וואָס זיסער קאָן גאָרנישט זיין. און אַז איך קום אַהיים פון מיין שרייב־פּעלד, מיט דער פּעדער־קאָסע אין האַנט, אָנגעבערענט פון דער זון פון פּאָפּולאַריטעט, און מיד פון מיין אייגענער גרויסקייט, דעמאָלט קומט מיר אַנטקייגן מיין דינסט און זאָגט מיר, אין אַ פרעכן טאָן, אַז מיר וועלן היינט נישט האָבן קיין האָבערקיכלעך צום נאַכטמאָל, און אַז מיינע העמדער מיט די ווייכע קראַגנס, וואָס זענען אַזוי באַקוועם אין די הייסע טעג, זענען נאָך נישט אויסגעפּרעסט. עס דויערט נישט לאַנג און איך געפין אויס, אַז מיין דינסט־מיידל האָט געלעזן די קריטיק איבער מיר, ווו מען זידלט מיך מיט די ערגסטע ווערטער און דאַריבער רעדט זי אַזוי פרעך, אַזוי באַליידיקנד.

און אָט אַזוי גייט זיך דאָס לעבן: אַמאָל אַ *שוואַכערער* פּאַראַגראַף, אַמאָל אַ *שטאַרקערער*. ווי אין אַ *קריטיק*. אַמאָל געלינגט עס און אַמאָל געלונגט נישט. ווען עס גע.ונגט נישט, טוט עס *מיר אַליין* וויי; ווען עס געלונגט, טוט עס וויי *יענעם*.

ווי געזאָגט: דאָס לעבן גייט זיין געוויינלעכן אָדער אומגעוויינלעכן גאַנג, אָבער גיין גייט עס! די זון קומט אַרויס אַלע טאָג *אויפסניי*, און די היינטיקע נאַכט טויג שוין נישט אויף מאָרגן, זי איז שוין אָפּגענוצט. מאָרגן דאַרף מען שוין אַ שפּאָגל נייע נאַכט, פּונקט ווי איך מוז אין קומענדיקן נומער פון דעם.

דאָזיקן בלאַט האָבן אַ נייעם „בוך־איין — בוך־אויס“.

— — — בין איך מיר אַ גאָט פון קריטיק. אַ קליין גאָטל, אָבער אַ טומלדיקס. ווייל אַלצדינג אין לעבן האָט אַ גאָט. און אַז דער גאָט פון געבראָטענע פינאַטס דערהערט, אַז דער גאָט פון וואַנילאַ־אייז־קרים־סאָדאַ האָט געוווּנען אַ זיג איבער דער געטין פון שאָקאָלאַד־פראַפּע, ווערט ער אייפערזיכטיק ווי אָטעלאָ און רופט צו הילף אַלע גייסטער פון די פייװ־ענד־טען סענטס־ביזנעס.

בין איך, אַלזאָ, אַ גאָט און אַ מענטש. ביידע זאַכן אויף אַמאָל. איך שטאַרב צוליב דעם, אַז מיין אומשטערבלעכקייט זאָל לעבן, און איך ווער אומשטערבלעך אין דער מינוט פון מיין טויט! און אַזוי ווי איך בין זייער אַ קלוגער מענטש (ווי איך האָב דאָס שוין פריער באַמערקט!) דאַריבער טו איך אַלצדינג וואָס איך קען, כּדי צו באַקומען אַ נאָמען, און אויב מעגלעך אַ מעדאַל, פאַר מיין פאָטערלאַנד, פאַר וועלכן איך קעמף אַזוי ריזיק. איך בין, נעמלעך, אַ גרויסער פּאַטריאָט. איך גלויב, אַז יעדעס פאָלק איז דאָס בעסטע פאָלק אין דער וועלט, נאָר מיינס איז דאָס בעסטע פון אַלע. און אַז מיר ווערט נמאס די באַנאַליטעט פון די ווערטער: 1) פאָטערלאַנד. 2) פּאַטריאָט, 3) קעמפער, בייט איך זיי איבער אויף די ווערטער: 1) שוועבל־זאַפט, 2) שטרוקס, 3) פישפּושער, און איך זאָג — כמעט דאָסזעלבע וואָס אַלע שטרוקסן זאָגן, — נאָר מיט אַנדערע רייד: „שטרוקסן“ זאָג איך „פישפּושערט“, פאַר אייער שוועבלזאַפט. יעדער אמתער „שטרוקס“, זאָג איך, מוז פישפּושערן פאַר זיין שוועבלזאַפט. דער וואָס פישפּושערט נישט פאַר זיין „שוועבלזאַפט“ — זאָג איך, — „איז נישט קיין אמתער שטרוקס“.

און אָט־אַזוי־אָ, האָב איך מיר מיינע פאַרגניגנס, מיין אַרבעט, מיין שפּילעריי, און קיין זאַך גייט ביי מיר נישט פאַרלוירן. איך האָב אַ נאָטיץ־ביכל. פאַרשרייב איך מיינע טיפע ליידן און — איך לעב פון זיי.

און מיין פאַך איז אַ גוט פאַך, ס'איז גרינג. זויבער. די אַרבעט איז אַ שטענדיקע, און די צאָל פּערזענלעכע שונאים

וואַקסט פון וואָך צו וואָך. און זייערע רייען פאַרמערן זיך, ווערן מעכטיקער און עס איז פאַראַן אַ געפאַר, אַז זיי וועלן זיך אָר־גאַניזירן אין אַ קערפערשאַפט און — ווער וועט פאַרזאָרגן מיינע קינדער? ווער וועט זיי שפייזן? ווער וועט אַכטונג געבן, אַז זיי זאָלן זיך אַלע טאָג וואַשן די אויערן, פאַרקעמען, אויספלעכטן צעפּ? אויף גאָט קאָן מען זיך נישט פאַרלאָזן.

דערווייל אָבער בין איך פאַרנומען מיט קריטיק. און דאָס לעבן איז אַזוי אומפאַרשעמט קורץ, און מען מוז זיין שפּאָרזאַם מיט דער צייט, מען מוז עקאָנאָמיזירן די ליבע, דעם האַס, די סימפּאַטי, עטצעטרא. און אַזוי ווי אַלע מיטלמעסיקייטן פון דער וועלט קען איך נישט פיינט האָבן, האָב איך פיינט מ. ב. און אַזוי ווי אַלע טאַלאַנטן פון דער גאַנצער וועלט קען איך נישט ליב האָבן, האָב איך ליב אברהם רייזען, שלום אַש און ראָל־ניקן. און אַזוי ווי צו אַלע אָנגעבלאָזנקייטן קען איך נישט זיין פיינטלעך, בין איך פיינטלעך צו אָפּאַטאשון. און אַזוי ווי איך האָב נישט קיין צייט צו זיין גלייכגילטיק צו אַלע ערלעכע מענטשן, בין איך גלייכגילטיק צו ה. מיניקעס.

נו, איז נישט די מענטשלעכע נאַטור — בין איך נישט אַ וווּנדערבאַר בוך, מיינע הערן? לעזט מיך! איר וועט אַ סך לערנען דערפון.

# מענדעלי מוכר ספרים

מענדעלי — דאָס איז דער גלייכער וועג, וואָס ציט זיך אַהין־אַהין, אייביק אַהין, שטענדיק־אַהין. — דער וועג צו די אַלטע דורות, דער וועג צום אייביקן קוואַל פון אונזער געשיכטע, דער הויכוועג און ווייט־וועג און טיף־וועג צו דער פאַרגאַנגענער אייביקייט, וועלכע באַשאַפט זיך אויפסניי איטלעכע מינוט פון אונזער לעבן.

מ׳דאַרף נישט פאַרגעסן: מענדעלי איז באַנאַל. די יוגנט איז עס נ י ש ט, היינע איז באַנאַל — פריינד איפּסעלאָן נ י ש ט. געטע איז באַנאַל, טעקערי איז באַנאַל, דיקענס איז באַנאַל, גאָגאָל איז באַנאַל — אַלע גרויסע דיכטער און קינסטלער זענען פאַרבאַנאַליזירט געוואָרן פון ד ר ו י ס ן. מ׳האָט זיי איבערגעשריבן און נאָכגעשריבן און מיטגעשריבן אַזוי לאַנג, ביז וואַנען זיי זענען געוואָרן אַזוי שאַבלאָן, ווי לבנה־און־שטערן, ליליען און רויזן, טוי און נאַכטיגאַלן.

ליליען זענען ווונדערלעך שיין. רויזן? — איך גיי אויס נאָך רויזן, איך שטאַרב נאָך זיי. לבנה, דו בלייכע לבנה, דו אומעטיקע, ווי איך האָב דיך ליב! און פונדעסטוועגן היט איך מיך ווי איך־ווייס־אַליין־נישט־וואָס, אַז איר זאָל מיך, חלילה, נישט אַרויסכאַפּן מיט אַזאַ באַנאַל וואָרט ווי לבנה־שטראַלן, אָדער ליליענפינגער, אָדער ענלעכע שיינע זאַכן.

די עטלעכע פאַרייִנגלשטע יונגע — די וואָס פאַרקינדישן אונזער שיין־ליטעראַטור, זענען נישט שטאַרק פאַרליבט אין מענדעלי. ווייל ער איז נישט נ י י. נו, פאַרשטייט זיך, זיי זענען נ י י ע ר — וועלן אייביק ב ל י י ב ן ניי, גלאַנציק מיט פּערל־

דיקן שוויס־גלאַנץ. זייערע ווערק וועלן קיינמאָל נישט אָפּגע־נוצט ווערן פון צופיל געברויך, וועלן קיינמאָל נישט האָבן אויף זיך דעם הייליקן שטויב פון אַלטקייט, פון געשיכטלעכקייט. נאַראָנים עלטערן זיך נישט. זיי האַלטן זיך תמיד אין דער מאָדע. און ווען די מאָדע איז צו זיין טראַגיש און גאָטזוכנדיק, און עדעל־פיין, און אומעטיק — טוט מען עס. דער וואָס האָט נישט קיין אייגענע פערזענלעכקייט, קאָן אָננעמען אַלערליי פאָזן און זשעסטן; און אַז די נוצן זיך אָפּ, נעמט ער אָן אַנדערע, נייערע, פיינערע, באַקוועמערע. וואָס פאַר אַ דאגה האָט ער!

מענדעלי איז, פאַרשטייט זיך, אַלט. אָבער אין זיין צייט, איז ער געווען יונגער, פייערדיקער, רעוואָלוציאָנערער ווי אַ סך פון אונזערע יונגע. מענדעלי לאַכט פון אַלטקייט ווי נאָר איינער! מענדעלי שפּעט־אָפּ פון די וואָס גלויבן, אַז יענער איז געווען פאַר מיר, דערפאַר איז ער געווען קלוגער. מענדעלי לאַכט פון די אַמאָליקע „אַלטע", וואָס פלעגן זינגען פון „אינדן וואָס טוען צעברעכן זייער דאָרשט" און „וואָס שפּילן און שאַלן אַ לויב ליד דער געליבטער כלה", פון די וואָס שרייבן „אַ האַרבן אָך־קוצץ־לשון און יידן זענען זיך מחיה, ווייל ס'איז אומעגלעך צו פאַרשטיין".

מענדעלים פּאָעזיע איז נישט קיין אויסגעדיכטערטע, פון ביכער אַרויסגעלערנטע, ווערטערדיקע. מענדעלים פּאָעזיע איז רויע פּאָעזיע — נישט געפּאָלירט און נישט געקינסטלט, נאָר ווי זי קומט פון דעם יידישן לעבן אַרויס. מענדעלים פידלשפּיל איז לויטער פידלשפּיל, אָן די קונצן פון מאַכן מיט די פינגער, פון וואַרפן מיטן קאָפּ פון חן ווענן.

מענדעלי מאַכט אַליין זיין פידל — זיין געצייג. און אויב אפילו זיין ליד איז אַמאָל נישט אַזוי הויך אינטערעסאַנט, איז אָבער דער פידל שטענדיק ציטערדיק, שטענדיק קלאָגענדיק, און — ווי אין יענער לעגענדע פון דעם פידל, וואָס מ'האָט געלייגט אויפן קבר פון אַ דערהרגעטן פּרינץ — שפּילט ער פון זיך אַליין, און ער באַוויינט און באַקלאָגט דעם געשטאָרבענעם פּרינץ — דאָס *פּרינצלעכע*, דאָס פאַרגאַנגענע.

מענדעלי, דער נישט־דאָס־בין־איך־אויסן־מענטש, איז שטענדיק עפּעס אויסן. זיין נישט־אויסן־זיין איז בלויז אַ לשון סגי־נהור, אַן אָנשטעל. מענדעלי איז דער אויסנדיקסטער פון אַלע יידישע שרייבער. אפשר שוין אַ ביסל צופיל אויסן. אָבער ווער קאָן זאָגן צום דעמב „אַזוי זאָלסטו וואַקסן״? ווער קאָן פאַרשרייבן מענדעלין זיין וועג, זיין מאַניר, זיין סטיל?

מענדעליס כּתבים זענען געשריבן פאַר תּלמודישע מענטשן, פאַר מענטשן, וואָס לערנען — נישט פאַר אַזוינע וואָס לייענען. מען דאַרף לערנען אַ קאַפּיטל מענדעלי, ווי מ׳דאַרף לערנען אַ פּרשה רש״י אָדער תּוספות. מענדעלי באַשרייבט נישט דעם ייד, נאָר דאָס יידישקייט, נישט די וועלט, נאָר דאָס וועלטלעכע. מענדעלי זאָגט וועגן מענדעלין, אַז עס האָט אים געצויגן אַהין, אַהין דאָרט אין די ווייטע מקומות אַריין. דאָס האַרץ האָט זיך אין אים געצויגן אַזוי ווי קליינע קינדער ציען זיך מיט די הענטלעך קעגן דער לבנה. זעט איר שוין: קינדערלעך מיט בלינדע אויגן בענקען נאָך דער לבנה — נישט נאָר ביי אונזער יונגסטן, נאָר אפילו ביי אונזער זיידן. נאָר דער זיידע זאָגט עס שענער, פיינער, אמתדיקער. ביי מענדעלין, אַז די זון גייט־אויף, קוקט זי אַראָפּ מיט איר ליכטיק פּנים. איין קוק אירער האָט מחיה געווען איטלעכע זאַך באַזונדער. ביימער און גראָזן האָבן ווי זיס געשמייכלט איידער די גרויסע טרערן טוי פון ביינאַכט זענען ווי אויסגעטריקנט, אַקוראַט ווי קינדער צעלאַכן זיך פּלוצים אין מיטן אַ געוויין״.

און מענדעליס הומאָר, ווי עדעלשיין איז ער, ווי טיף, ווי גרויסשטריכיק! די בלאָטע אין גלופּסק איז ביי אים אַזוי שיטער און טיף, אַז אפילו אַ הויכגעוואַקסענער מענטש, מוז זיך פאַרשפּריצן ס׳היטל. דאָס וואַסער פון דעם יידישן טייך פּיאַטי־גניליוקע איז אַזוי געדיכט, אַז בנימין לייגט זיך אָן דערמיט פולע קעשענעס און הייסט מענדעלין זיך מאַכן דערפון אַ פּעקל. מענדעלי באַשרייבט די יידישע הייזער, ווי זיי שטייען עפּעס ווי אָנגעברוגזטע איינס אויף דאָס אַנדערע, שטייסט דו אַרויס־געריקט, זאָגט איין הויז, שטיי איך מיר דווקא אַריינגערוקט.

שטייסטו מיטן דעכל אַראָפּ, שטיי איך מיטן דעכל אַרויף.

מענדעלעס גרויסקייט איז פון יענעם סאָרט, וואָס דערוווייטערט אַ ביסל, וואָס פאַרפרעמדט, וואָס שטעלט אַוועק אַ ווייטע גרענעץ צווישן אייך און זיינע באַשאַפענע געשטאַלטן. ער גיט אייך דאָס בילד און די דיסטאַנץ, כּדי איר זאָלט קאָנען זען זיינע נישט ליבע מענטשן אין דעם ווייכערן ליכט פון פאַרגעבונג, אין דעם מאַט־ליכט פון פאַרגאַנגענהייט, פון עפּעס, וואָס איז ווי אַ גראָער פלעק געבליבן אויף די בלעטער פון אונזער לעבן.

מענדעלי איז געדאַנקלעך, אָבער נישט דענקעריש. מענדעלי איז אַ חכם, אָבער ער חכמהט זיך נישט. ער שטראָפט און שילט, ער שמייכלט און גלעט, ער גיפטיקט און היילט, אָבער דאָס אַלצדינג ווערט געהייליקט אין די טיפע פייערן פון ליבשאַפט און געטריישאַפט. מענדעלי שרייבט און ערגערט זיך. ער שרייבט און סע טוט אים ווי. ער שרייבט און פרייט זיך, ער שרייבט און שפּילט אַ ליבע מיט דאָס געשריבענע, און די ווערטער זענען רונד און פערלדיק, און בעטן זיך: שרייבט מיך אויף אויף פאַרמעט, ווייל איך בין אייער הייליקע שריפט, ווייל איך בין דאָס פאַרגאַנגענע יידישע לעבן, וואָס קערט זיך מער נישט אום. מענדעלין מער ווי וואָסער־עס־איז אַנדערן יידישן שרייבער — איז געלונגען פעסטצוהאַלטן די פאָרמען פונם פאַרגייענדיקן דור, פון דעם אַלטן דור, וואָס האָט געליטן פון בעלי־טאַקסע און פיינע בריות. ער איז אַ חוץ דער גרויסער יידישער שריפטשטעלער, מיט אַלע זיבן חנען פון אמתער יידישקייט, אויך דער געשיכטע־שרייבער, דער פאַרצייכענער פון יידישע מנהגים, פון יידישע גענג, פון יידישע צרות־און־נחת. ער איז דער עקספּאָנענט פון דער יידישער נשמה, ווי זי האָט זיך אַנטפּלעקט אין די פאַרשאָלטענע יאָרן פון איר גלות.

מיר, די היינטיקע, די נייערע האָבן געמאַכט אַ פּעטיש, אַן אָפּגעטץ פון אונזער אייגענעם טראַגיזם. מיר דינען צום בלוי־בלייכן גאָט פון מעלאַנכאָליע און צער. מיר וואַלגערן זיך אין אַ פּעטן אומעט און מיר ווערן דערפון געזונט, מיר פרעסן דעם

זעלבסט-שמערץ מיט גרויסע לעפל, און דאָס פאַרשאַרפט אונזער לײדיקן אַפּעטיט צום לעבן. אונזערע טרערן זענען פיש־איל פאַר אונזער געמיט. מיר שטײען פאַרן שפיגל און מיר מעסטן זיך אָן די װוּנדערבאַרע פּאָזע פון אַ רעװאָלװער נעבן דעם שלײף. מיר זענען יונג און אויסגעלעבט און פאַרקרימט, און גאָרנישטװעלנדיק. מיר בלאָנדזשען אַרום און מיר זוכן נישט. מיר האָבן גאָרנישט און מיר װײסן נישט װי אַזױ עפּעס צו װ ע ל ן.

מענדעלי איז געװען דער נביא. מיר זענען די בײזע נבואה. מיר שפּילן און פאַרשפּילן זיך מיט אַלערלײ נאַרישקײטן, מיר זינגען מיט גאָלדענע צװיטען און מיר טראַכטן מיט זיל־בערנע פליטערלעך. מיר האַלטן אָפן אַלע טירן פון אונזער געמיט, אָבער װאָס קאָנען מיר זען דאָרט־אינװעניק?

מענדעלי איז געװען דער יונגער, דער יוגנטלעכער, דער מענטש מיט אַ װוּנטש און אַ ציל. לאַמטערן און װאַנדער־שטעקן אין האַנט, איז דער זײדע געקראָכן איבער די בלאָטעס פון גלופּסק און טונעיאַדיװקע, געשאָלטן און זיך געבײזערט, און כּסדר האָט ער געהאַלטן ס׳אויער צו דר׳ערד, צי קומט שוין נישט אפשר דער פאַרשפּעטיקטער משיח, און אפשר קאָן מען אים אונטעראײלן. ער האָט געזען דאָס טראַגישע פון אונזער לעבן. ער האָט זיך דערבײ פאַרטראַכט. ער האָט געזען, װי גרויס גאָטס װעלט איז און ער האָט געטריבן דאָס פאָלק ישראל מיט בײטשן אַרויסצוגײן אויף דער װעלט, און זײן מיט מענטשן גלײך. ער האָט געװאָלט, אַז ײדן זאָלן זײן „מיט מענטשן גלײך“? — מיר גלויבן בכלל נישט זײער שטאַרק אין מענטשן. ער האָט געמײנט, אַז אַ ײד דאַרף זיך נאָר גוט אַרומזײפן, אַראָפּװאַרפן ס׳שטרײמל, װערן אַ זשענטעלמאַן און ער איז גע־ראַטעװעט. — מיר גלויבן, אַז ס׳איז גאָר קײן רעטונג נישטאָ פאַר דעם לעבן, און אַז אַזױ צי אַזױ, ציט אַלץ אונזער האַרץ אַהין אַהין, אַזױ װי קלײנע קינדער ציען זיך מיט די הענטלעך צו דער לבנה.

# יהואָש

„פון ניו־יאָרק ביז רחובות און צוריק".
פארלאַג: היברו פּאָבלושינג קאָ.

איז ער געפאָרן, אונזער ליבהאַרציקער יהואש, „פון ניו־יאָרק ביז רחובות און צוריק". דערין איז יהואש געגליכן צו דער צווייטער עוועניו. די צווייטע עוועניו, ווי אַלע ווייסן, גייט אויך אַהין און צוריק. כמעט אַלע בעסערע גאַסן (ווי אַלע בעסערע דענקער) גייען אַהין און צוריק. די גאַנצע געאָגראַפישע לאַגע פון אַמעריקע גייט אַהין און צוריק. און ווען זי איז שוין געקומען צוריק, הייבט זי ערשט אָן גיין צוריק אַהין, און דאַן ווידער צוריק אַהער און דאַן ווידער אַהין, און דאַן ווידער צוריק.

מילא, עס איז שפּעט און מיר דאַרפן נאָך היינט דענקען פאַרשיידענע געדאַנקען. אַקוראַט זעקס אַ זייגער. אַז מ׳עט דערלעבן מיט געזונט, וועלן מיר, צום ביישפּיל, טראַכטן דעם פאָלגענדן געדאַנק: יהואש איז זייער אַ ווילער, זייער אַ געדאַנקלעכער דיכטער און אַלס מענטש — באַליבט ביי אַלעמען. ביי אונז אויך. אָבער ווען סע קומט צו רייזע־באַשרייבונגען — און יידן זענען דאָך דאָס רייזענדסטע פאָלק אויף דער וועלט!— פאַרלאַנג איך, אַז דאָס וואָס אַ וואַנדערער האָט צו דערציילן, זאָל זיין עפּעס מער ווי די פּאָפּולער־בעדעקערשע רייזע־אינפאָרמאַציע דורכגעפלאָכטן מיט פיין־מליצהדיקע, קלוגע אַנעקדאָטן פון דעם סאָרט, וואָס הויבן זיך געוויינלעך אָן מיט די

ווערטער: „דאָס דערמאָנט מיך גראָד אין אַ געשיכטע".

„פון ניו־יאָרק ביז רחובות און צוריק" איז אַ רייזעבאַשרייבונג פון אַ רייזעבאַשרייבער. נישט פון קיין מענטש, וואָס פאָרט אַרויס אויף דער וועלט, און פאָרנדיק זעט ער, און זעענדיק פאַרגעסט ער, אַז ער איז געבוירן געוואָרן צו שריפטשטעלערן, און ער עפנט אויף אַלע פענסטער פון זיין נשמה, און די בלויגאָלדיקע לופט פון רייזע־אַוואַנטיורען בלאָזט אַריין און אַרויס, אַהין און צוריק, מילד און לינד, און נישט פאַרשטענדלעך, ווי דאָס שענסטע פון לעבן.

ניין, יהואש פאַרשטייט אַלצדינג. ביי אים איז אַלצדינג אַזוי העל, אַזוי ווייס, אַזוי נישט־פאַרשאָטנט, ער פאָרט און שרייבט — ער שרייבט און פ אָ ר ט. ער פאָרט שרייבנדיק און שרייבט פאָרנדיק, און אַלצדינג וואָס ער באַשרייבט איז אַזוי קינסטלעריש־גענוי־אויף־אַ־האָר, אַזוי איך־גיב־דיר־עס־איבערדיק!

* *

*

יהואשס רייזעבאַשרייבונג איז דורכגעזאַפט מיט זונענשיין און בלוי־הימלדיקייט. נאָך איידער ער האָט פאַרלאָזן ניו־יאָרק, האָט ער שוין ביי זיך אין געדאַנקען אָנגערופן ארץ ישראל „דאָס לאַנד פון זונענשיין". דאָס גאַנצע בוך טריפט מיט זונענשיין און לבנה־שטראַלן. עס איז אַ ליכטיק בוך. עס איז צייטנווייז אַזוי ליכטיק, אַז עס שטעכט די אויגן. ס'איז אַ גאָלדענער זייגער, באַגאָסן מיט געמאָלענעם גינגאָלד און באַשאָטן מיט דימענטשטויב און איינגעטונקען אין רובינען־זאַפט. עס איז אַ יובעליר־געשעפט, וואָס באַשטייט פון לויטער שויפענסטער, און יעדער שויפענסטער האָט זיבן גאָלדענע שויבן, און יעדער גאָלדענע שויב האָט זיבן דימענטן, און יעדער דימענט האָט זיבן שמאַראַגדן, און יעדער שמאַראַגד האָט זיבן זונען, און פון יעדער זון גיסן זיך גאַנצע „טונען מיט בורשטיין", וועלכע דערמאָנען אָן אַ זונגעקושטע זונענאונטערגאַנג.

איך האָב געלעזן — ש ט אַ ר ק געלעזן! — דאָס ערשטע בוך „פון ניו־יאָרק ביז רחובות" און איך בין געוועזן איבע־

ראַשט פֿון יהואשס כּח צו באַאָבאַכטן. ער באַאָבאַכטעט בייטאָג און ער באַאָבאַכטעט ביינאַכט. און ווען איר זאָלט אים אויפוועקן 2.30 פֿאַרטאָג און אַ זאָג טון: יהואש, די וועלט גייט אונטער! וועט ער גלייך אָנטון די ברילן און נעמען באַאָבאַכטן דעם זעלטענעם וועלט־אונטערגאַנג, און דערנאָך וועט ער אים באַשרייבן אין אַ בוך, מיט קאַפּיטלען, און יעדער קאַפּיטל וועט זיין באַוואַכט פֿון צוויי לידער — איינס פֿון פֿאָרנט און איינס פֿון הינטן. זאָל אים גאָט נישט שטראָפֿן דערפֿאַר!

יהואש דער באַאָבאַכטער און דער דענקער! — איך, למשל, פֿאָר אויף אַ וועליסאָפּעד און דענק. איך ראַזיר מיך און דענק, איך עריקלער זיך אין ליבע און דענק. איך בין נישט קיין דענקער, פֿאַרשטייט איר, דערפֿאַר מאַך איך נישט קיין ווען פֿון דענקען. אָבער יהואש דענקערט דורכויס פֿולשטענדיק און אַהין און צוריק. דעריבער: נעמט ער אַ יעדער וואָרט און צעשפּאַלט עס אויף צווייען און לייגט אַריין אינעווייניק אַ מין געדאַנקענראָזשינקע, כּדי עס זאָל זיין פֿול מיט אינהאַלט.

אַ פֿאַרגלייך: יהואש און פּרץ הירשביין. — הירשביין פֿאָרט דורך עטלעכע מאָל דעם ערדקוגל, שרייבט ער אָן דעריבער אַן אימפּרעסיע פֿון צוויי קאָלומנען. יהואש פֿאָרט פֿון ניו יאָרק ביז נומער 136 הערצלגאַס, רחובות, שרייבט ער וועגן דעם אַ בוך — צוויי ביכער, דריי ביכער, עס האָט נישט קיין שיעור.

און וואָס באַאָבאַכטעט אַזוינס אונזער יהואש?

אין רוים, למשל, באַאָבאַכטעט ער, אַז כּמעט אַלע איטאַליענער רעדן איטאַליעניש. נעמט ער און פֿאַרשרייבט עס. אין מאָנטע קאַרלאָ באַמערקט ער, אַז מענטשן שפּילן רולעט־שפּיל — פֿאַרצייכנט ער עס אין אַ באַזונדער קאַפּיטל. אין מאַדעראָ באַמערקט ער, אַז מענטשן טרינקען מאַדעראָ־ווײַן, — נעמט ער און שטעלט עס אַריין אין בוך. אויפֿן אָקעאַן באַמערקט ער, ווי די שיף וויגט זיך אויף די וועלן הין־און־צוריק! אין בלאָגע נעכט באַמערקט ער, אַז דער הימל איז בלאָ און ליטער; דערזעט ער ביילייסן באַמערקט ער, אַז ער, מענדיל ב., האָט אַ באָרד און אַז ער שטאַמט פֿון אַ פּראָסטער פֿאַמיליע; אין נעאַפּאָל,

אָדער ערגעץ־אַנדערש, רעכֿנט מען אים איבער עטלעכֿע סענטן פֿאַר איבערפֿירן ס׳געפּעק, פֿאַרצייכנט ער עס פֿאַר די צוקונפֿטיקע דורות. עטצעטערא, עטצעטערא.

* *

*

לעזנדיק יהואשס רייזעבאַשרייבונג, פֿאַלט מיר איין, אַז די יידישע שפּראַך איז געגליכֿן צו מצה. מצה אַז מ׳הויבט אָן קייען, קאָן מען נישט אויפֿהערן. עס עסט זיך אַליין פֿון זיך, אַזוי צו זאָגן. אויף קיין שפּראַך קאָן מען נישט אַזוי פֿיל רעדן ווי אויף יידיש. יידיש איז אַ שפּראַך, וואָס רעדט זיך אַליין פֿון זיך, און וואָס מער מען רעדט, אַלץ מער ווילט זיך.

אין יידיש, למשל, קאָנט איר זאָגן „ווימלען", און אויבֿ שוין ווימלען, וואָרום נישט טימלען, ברימלען, גרימלען, שטרימלען א. אַז. וו.? אין יידיש קאָנט איר זאָגן, אַז ער „צעפּוטיעט דעם גאַנצן עסק". איר קאָנט (ווי ביי יהואשן) „אָנהויבן מאַכֿן הכֿנות צו דער רייזע", אָנשטאָט „זיך גרייטן אין וועג אַריין". איר קאָנט עס טון מיט פֿאַרהאַוועטקייט און אימפּעט, אָט אַזוי ווי שוין מאָרגן רייז איך אָפּ. (בלעטל 7).

אויף יידיש קאָן מען זאָגן, אַז דאָס וואַסער האָט אָנגעהויבן קאָכֿן און שווימלען (זייט 24) און מען קאָן אויך זאָגן „שלאָגבאָם" אָנשטאָט „שטאַנגען", אָדער שראַנק, אָדער ראָגאַטקע אָדער — אין ערגסטן פֿאַל, „שלאָגבוים". מען קאָן אויך זאָגן „פּיצימאָנצינקע מדינהלע" (94), אָדער „קופּקעלעך גאָלד" (93), אָנשטאָט הויפֿנס גאָלד, און נאָך אַזוינע אומשפּראַכֿלעכֿקייטן — אויבֿ יהואשס ווערטערבוך וועט מיר דערלויבן צו נוצן אַזאַ וואָרט.

* *

*

פֿראַגע: פֿאַרוואָס לעז איך אַ בוך? ענטפֿער: איך לעז אַ בוך, ווייל איך האָב פֿיינט ביכֿער; ווייל ס׳איז מיר דערווידער צו זיצן אין קאַווע־הויז און צו הערן ביכֿער. ווייל איך בין מיד פֿון רעדן ענציקלאָפּעדיען. גיי איך אַוועק אַהיים און

לעז אַ בוך. ווייל איך דאָס מענטשלעכע, דאָס ריין־פּערזענלעכע,
דאָס אומפּראָפעסיאָנעל־ליטעראַרישע פון דעם בוך אַרויסלעזן,
ווייל איך דעם מענטש דערזען, מיט זיינע שוואַכקייטן, זיינע
קאַפּריזן, און זיך פרייען אָדער ערגערן איבער דעם.

יהואשס „רייזע" איז דורכויס בוך, פון דעם ערשטן באַנד
ביז צום סוף און צוריק. ביי יהואשן איז אַלצדינג פּינקטלעך
אויפן אָרט, ווי עס פּאָדערט די לאַגע. ער פאַרפּריוואַטי־
זירט נישט קיין איין שורה פון זיין בוך, עס איז בלויז אַ בוך
און נישט מער ווי בוך. אַזוי העלפט מיר גאָט, אמן!

יהואש איז אַ ספּעציאַליסט אין אַלצדינג. ער איז אַ טיכ־
טיקער דענקער, אַ פיינער האַרציסט, אַ געטרייער זעער, אַ פליי־
סיקער הערער, אַן איבערגעגעבענער זונשיינטרינקער, און ער
ווייסט ווי אַזוי מ'צעשטעלט דאָס אַלצדינג אויף אַן אָרט. בלעטל
אַזויפיל און אַזויפיל — ווייסט ער — פּאַסט זיך אַ ביסל באַאָ־
באַכטונג. אַרויס דערמיט. פאַרטיק! איצט דף אַזוי און אַזוי —
שאַ, דאָ וואָלטן זיך געפּאַסט אַריינשלייפן עטלעכע אַפאָריזמען־
עדלשטיינער. פאַרטיק. שוין אַריינגעשליפן. איצט — וואָס נאָך?
אַהאַ! אַ ביסל ליריזם — אַ דריי דעם נשמה־קראַן מיט דעם
אויפשריפט „ליריק" און — סע פלייצט מיט ליריזם. 14 קאַראַט
ריין. איצט גלאַט אַזוי גלייכווערטער, וואָרטשפּילן. און פעט באַ־
שמירט איז דאָס ברויט, וואָס ליגט אין זיין רייזע־זאַק, און
טאָפּל־באַפּוטערט מיט זונענשיין, און — טאַקע נאָך אַמאָל — אויף
בלעטל נומר 8, דיק באַשיינט מיט זונענשיין. אַזוי גייען בלע־
טער נאָך בלעטער. אָפט פיינפינקלדיק ווי דאָס ביטאָגיקע זאַמד
פון דער מדבר און אָן דער געפאַר, אַז דער שטורם־ווינט וועט
אָנקומען און די טויטע זאַמד־קערנער לעבעדיק מאַכן. אין
יהואשס רייזעבאַשרייבונג איז בכלל נישטאָ קיין מעגלעכקייט,
אַז ס'זאָל אַריינוויייען אַ ווינט. עס איז פאַרמאַכט און פאַריגלט
אויף די זיבן ריגלען פון תורה, חכמה און וויסנשאַפט. יהואש
האָט נישט נאָר באַשריבן זיין רייזע, נאָר ער האָט — ווי
ס'איז די מאָטאָ פון דער העכסט־לאַנגווייליקער „טיימס" — באַ־
שריבן אַלצדינג, וואָס איז פּאַסיק באַשריבן צו ווערן. ער האָט

באַזונגען אַלצדינג, וואָס איז ווערט באַזונגען צו ווערן. נישט מיט האַרץ־שטורם, נישט מיט פֿלאַטערגעפֿילן איז ער צוגעגאַנגען צו זיין אַרבעט. זיין ליבע צו פֿאַלעסטינע איז נישט די אומרויקע פֿאַרצערנדע ליבע, וואָס מען פֿילט צו אַ געליבטער. עס איז די ליבע צו אַ געזעצלעך ווייב. עס איז אַ רויקע, העכסט־סאַניטאַרישע, צוועקמעסיקע ליבע — מיט אַן אויסקוק אויף רעזולטאַטן. זיין באַפֿליגלטקייט איז אַ מין שטעק־שיך־באַפֿליגלטקייט, וואָס מאַכט גרינג די טריט און ווייך דאָס געמיט. דאָס אויג גייט זיך אַרויס אין פֿעלד און סע זעט נייע ב ל י ע כ צ ן, און ס׳אויער — אַז עס האָט נישט וואָס צו טון — הערט עס ה יי ס ע סודות. און סע הערט, — אויף בלעטל נומער 191 — ווי די פֿייגל האָבן זיך פֿאַנאַנדערגעסווישטשעט מיט גרויס א י מ פּ ע ט, און ווערט אונזער ליבער יהואש וואָרט־באַשעפֿעריש, גיט זיך אים נישט איין און סע קומט אַרויס, אויף בלעטל 167 : פֿ אַ נ אַ נ ד ע ר ז ו נ ד ע ר ע ר ס.

* *

*

יהואש איז אַ גוטער רייזנדער, אַ פֿיינער וואָיאַזשער — אין אַמעריקאַנישן זין פֿון וואָרט. יהואש פֿאָרט אויפֿן הויכן ים פֿון געשעענישן, אָבער פֿון גייסטיקער זעעקראַנקהייט ווייסט ער נישט. זיינע ימען — איך ברענג אַ ציטאַטע פֿון י. ראָלניק — זענען שטילע. אָבער זיינע שיפֿן ? — גייען זיינע שיפֿן ווייט ? ווייטער ווי מען דאַרף ? ווייטער ווי עס פֿאָדערט די געדאַנקלעכע פּערל־זוכעריי און דער פֿאַנג פֿון הויכרויט־פֿאָעטישע קרעלן ?

זיינע ימען זענען שטילע. און אַ גוטער מאַטראָז איז ער. פֿאָרט ער אויף זיין געמיטלעך שלעפּ־שיפֿל, מיט דער רעכטער האַנט אַראָפּגעלאָזן אין וואַסער און וואָס די האַנט געפֿינט — איז גוט. אַמאָל בויגט מען זיך אַריבער און מען זוכט מיט גרויס אָנשטרענגונג אַ גלאַנץ־פּערל. פּערל, פּערל קום אַרויס ! פּערל־פּערל קומט אַרויס. נעמט זי יהואש פֿאָרזיכטיק מיט צוויי פֿינגער, וואַשט זי אין ג י ל ד ע ר נ ע ם מבול פֿון זונענשיין, און דאַן גייט ער מיט איר אַריין אין זיין פּריוואַטן געדאַנקען־

אַבינעט. שאַ, עס איז שטיל. אויפֿן שלייפֿשטיין פֿון געדאַנקען ש.ייפֿט יהואש די פּערל אַזוי לאַנג ביז וואַנעט זי באַקומט דעם ריינליטעראַרישן גלאַנץ, דאַן שטעלט ער זי אַוועק אויף בלעטל 30 און: — די פֿעלדער ווערן בוכשטעבלעך (אָנמערקונג: מיט אַ גאַראַנטי אויף צוויי יאָר!) באַדעקט מיט בלומען, אָן די שווירקייטן פֿון בלעטל 29.

פֿאָר איך מיט יהואשן, איז מיר נישט גוט און נישט שלעכט, נאָר ס'איז מיר אויסערגעוויינלעך גוט אויף אַ ריזיק־מאַמאָט־קאָלאָסאַל־גיגאַנטישן אופֿן. די וועלט איז שיין פֿון אויבן ביז אַראָפּ און צוריק. אומעטום זונענשיין. אַ זופּ זונענשיין און פֿאַרביסן מיט דעם טייערן שטיקל גליק. פֿאַרגלוסט זיך אונדז אַן אַנדער פֿאַרוועלעניש, ווי אויף דף 78, גייען מיר צו דער כּותל מערבֿי און מיר באַשרייבן פּינקטלעך און בוכשטעבלעך יעדער עזעל־טריט פֿון אונזער עזעל. און מיר מאַכן טאַקע אַ וואָרט־שפּיל וועגן ארץ ישׂראלדיקע עזלען, וואָס דערמיט זענען מיר אויסן אימיצן אַ שאַרפֿן ביס צו טון מיט גיפֿטיקער סאַטירע. קומען מיר (נאָכדעם ווי טיגלען שמעלצן און עס פֿאַלן שטעלצן, אינם שלום־ליד אויף די זייטן 31 און 32) צו דער הייליקער וואַנט, באַמערקן מיר אַ שפּאַניאָלישע יידענע, וואָס וויינט און בעט גאָט אויף שפּאַניאָליש, און בעטלערס זעען מיר און פּראָפֿעסיאָנעלע תּהילים־זאָגער „וואָס דערמאָנען אונדז" און סוף כּל סוף פֿאַלט אַ שטיין פֿון דער הייליקער וואַנט, צוליב דעם חן פֿון די פֿאַלט־אַ־שטיין־פּערזן.

רויִק פֿאָרן מיר, רויִק זעען מיר. רויִק ערגערן מיר זיך און נאָך יעדן מאָל, וואָס מיר גיבן זיך אַ קאַפּיטשקע אַן ערגער, גייען מיר זיך אָפּוועגן אויף אַ וואָג, צו זען וויפֿל עס איז אונדז אָפּגעקומען אין געזונט. אַך, מיין גאָט!

רויִק פֿאָרן מיר. רויִק באַמערקן מיר. קאַלט, דענקעריש, לאָמיר זאָגן: פֿילאָזאָפֿיש, באַמערקן מיר, עס ווערט קיל און טונקל אין אונזער בוך, שלאָגן מיר אַ וואָרט צו אַ וואָרט, אַ געדאַנק צו אַ געדאַנק, און סע ווערט פֿייער. אָבער די אַר־

בעט איז שווער. ערמידנד. און פון די נאַקעטע בערג פון יהודה, בלאָזט אַ ווינט, וואָס איז אָנגעזאַפּט מיט וואַרעמען און ווייך־וואָלענעם פּעסימיזם. פאָרן מיר שנעל און שנעלער און ז יי ע ר שנעל און מיר קומען צו אַ מין שטיינערנעם שלאָס „וואָס דערמאָנט אינז" און — ווידער שיינט די העכסט־גינגאָלדענע זון, און ווידער פירן מיר יעדן קאַפּיטל אַריין־און־אַרויס מיט געזאַנג ווי אַ כּלה צו דער חופּה. אַמאָל דערשלאָגן מיר זיך צו אַ פיינשיינער מאָלעריי, צו ציטער־שטילקייט, ווי דער וווילגעצייכנטער סילועט פון די הרי־יהודה אויף די בלעטער 164־5:

„אַלע ווײַלע איז דאָס פּייער אויפגעשפּרונגען (ביינאַכט) און אַנטקעגן די רויטע פלאַמען האָבן זיך געשוואַרצט לויזבאַמאַנטלטע געשטאַלטן זיצנדיק אין אַ קרייז, און צוזאַמענגעקאָרטשעטע פרויען מישנדיק מיט לאַנגע דאַרע הענט אין גרויסע טונקעלע טעפּ. איבער זיי אַלעמען האָט זיך אַ געדיכטער רויך געפלאָכטן אין משונהדיקע געשטאַלטן. אַז די רויטקייט האָט שטאַרקער אויפגעפלאַקערט, האָבן זיך באַוויזן הינטער די שוואַרצע געצעלטן קעמלען מיט אויסגעשטרעקטע העלזער, און דאָ און דאָרט דער פאַרשפּיצטער קאָפּ פון אַ פאַסטוך־הונט".

דאָס איז אויסגעצייכנט. און די דאָזיקע שורות פירן, אַזוי צו זאָגן, אַ פ ר י וו אַ ט ־ ל ע ב ן. עס איז נישט דאָס עפנטלעכע לעבן פון די פאַלש־אָנגעפּאַרבטע ווערטער, וואָס גייען אַרום פון ליד־צו־ליד. אָבער אַ ווײַלע שפּעטער פאָרן מיר אַוועק פון אונז ביז — זיך־זעלבסט און צוריק. מיר ווערן אַ בוך־שרייבער. און מיר נוצן אויס די באַרימטע ל ע צ ט ע ג ע ל ע ג נ ה יי ט, כּדי דאָס בוך צו מאַכן אַזוי פון־אַלצדינג־צו־ביסלעכדיק ווי מעגלעך. ווילן מיר, למשל, אויסדריקן אַן אַפאָריזם, אַז מיר האָבן פיינט גרים, בפרט אַזוינע, וואָס מאַכן אַ טומל — זאָגן מיר נישט: שמעו נא רבותי, הערט זיך איין ליבע לעזער און לעזערינען, מיר גייען אייך דאָ דערציילן אַן אַפאָריזם. ניין. דאָס איז צו איינפאַך. טוען מיר אַנדערש: מיר דערציילן אַ גאַנצע געשיכטע, וויסענזע, וועגן אַ קלויסטער, גלאָק וואָס מ'האָט אים מגיר געווען אויף אַ מין יידיש ג ל ע ק ל פ אַ ר אַ ל צ־

ד י נ ג און מיר פירן אויס — כּלומרשט זייער נאַכלעסיק — אַז זינט מיר זענען געוואָרן געוואָר, אַז דער גלאָק איז פון גוישער אָפּשטאַמונג, האָבן מיר אים פיינט געקראָגן. ווייל? — גיב אַכ־טונג, זון מיינער! איצט קומט עס: „ווייל איך האָב פיינט גרים, באַזונדערס אַזעלכע וואָס קלינגען".

שפּעטער — אָדער אפשר פ ר י ע ר, ווער געדענקט עס? — קומען מיר אין דער קאָלאָניע אבושושא, נאָך אַ לאַנגער רייזע איבער די שפּיצן פון אַלערליי הויכגעדרייטע אַנעקדאָטן, און דאָרט, אין דער פּראַקטיקער מויער, „וואָס דערמאָנט אונז" א. אז. וו., זעען מיר: „דער גאַנצער טאָל שרון איז געווען אויס־געשפּרייט", אויף זייק 124, פאַר אונזערע אויגן אין אַלערליי בונטע קאָלירן. אָט איז די קאָלאָניע עקרון, און דאָרט איז רחובות און נאָך ווייטער איז ראשון־לציון.

אונזער אייגענע באַמערקונג: נאָך ווייטער איז באָסטאָן, נאָך ווייטער איז מינעאַפּאָליס. נאָך ווייטער — איז ג אָ ר שרעק־לעך־ווייט!

און ווידער יהואש: „די לופט איז געווען באַלזאַמדיק און קלאָר. די לאַנדשאַפט אַ זאַנפטע (זאַנפט, זאַנפטער, זענפטיקער, ז ע נ ע פ ט, מאָסטארד) און באַרויקנדע און ווי צוגעפּאַסט פאַר אַ שטילן אָ נ ש ו י ל ע כ ן לעבן.

אָ נ ש ו י ל ע ך לעבן. וואָס פאַר אַ לעבן דאָס קאָן שוין זיין, מ'שטיינס געזאָגט!

*

*

מיר פאָרן, אַהין און צוריק און צוריקער. און ז יי ע ר צוריק. און מיר שוויגן נישט. מיר באַאָבאַכטן מיט אַלע אונ־זערע כּחות. מיר ווערן פּשוט, הערט איר, פאַרמאַטערט באַאָ־באַכטנדיק.

דערציילט אונז עפּעס איינער אַ קאַפּיר, אַז ביי אים, ערגעץ דאָרט וו יי ט ־ וו יי ט, אין אַלדעגוטע־יאָר־לאַנד, רופט מען ארץ־ישראל „דאָס לאַנד פון שאַלאָמס", איז גלייך האָבן מיר אַ קאַפּיטל: „דאָס לאַנד פון שאַלאָמס". צ ר ו ת פ ו ן

ד י נ ס ט מ י י ד ל ע ך — אַ קאַפּיטל. ז ו ן ־ פ ע ד ע ם — אין בוך־אַריין!! עס איז שוין באַלד שבת. נו, גיכֿער. רירט זיך. עס ווערט שפּעט!

הערצלס יודענשטאַט — אַ קאַפּיטל. „צוריק” — אַ קאַפּיטל. התאחדות המושבות — אַ קאַפּיטל. קורץ: עס איז ביי אונז, ווי אויף זייטל 122 — אָ נ ג ע וו אַ ל י ע ט מיט געדאַנקען־בלומען, באַאָבאַכֿטונגען, אַפּאָריזמען, פּעדערשפּריצן, זאַלץ־און־פּעפּער, גע־גראַמטע נייעס, פון־טאָג־צו־טאָג, עטצעטערא.

וועגן גלייכֿווערטלעך און וואָרטשפּילן: רעדן מיר וועגן ריצנאייל־ביימער, גיבן מיר אָנצוהערן, אַז דער באַלעבאָס איז שוין דערוויילל ל ו י ז געוואָרן (אונטערגעשטראָכֿן „ל ו י ז”) פון אַ היבשער סומע געלט. רעדן מיר וועגן דעם, אַז יידנלאַנד איז אַ טייער לאַנד, שטרייכֿן מיר אונטער, אַז דווקא די ט י י ע ר־ק י י ט פ ו ן ל אַ נ ד האָט אַ געוויסן מענטש שטאַרק אָפּגעשלאָגן דעם מוט, זיך דאָרט צו באַזעצן. אויף דף 92 „צאַטעווען” מיר אויף טיף־ליטוויש. אויף בלעטל נומער 70 „געפינען זיך גוטע מענטשן, וואָס ש ט י י נ ע ן אַ ר י י ן אין פּרייז”. שפּעטער — אָדער אפשר פ ר י ע ר, ווער געדענקט עס? — קומט אַן אמת פיינער אַרויסבליץ פון געלייטערטן הומאָר. עס איז די באַשריי־בונג פון דעם תימנער וואַפן־שמיד, וואָס פוילט זיך ב״ה צו אַרבעטן, און וואָס די גאַנצע צייט גייט אים ב״ה אַוועק אויף צו זוכֿן די געצייג, און וועלכֿער שיסט זיך ב״ה אָפּ אַ פינגער מיט אַ ביקס, וואָס מ׳האָט אים ב״ה געגעבן צו פאַריכֿטן. און ליטעראַריש פלאַכֿלאַנד און ווידער אַלערליי באַשרייבונגען, וואָס זענען ווערט באַשריבן צו ווערן, און געדאַנקען וואָס זענען ווערט געדענקט צו ווערן פונקט אָט־אָ־דאָ־אָ. און עס איז העכֿסט אינטעלי־גענט געשריבן — מעשה רייזענדער פּאַסטאָר, מיט אַ טאַגעביכֿל. עס איז פול מיט דעם קום־קום־ישראליק־קום־אַהיים פּאַטאָס. נאָר עס פעלט אָטעם — לעבעדיקער, געזונטער, נישט מיט־בלומען־דופטנדער־אָטעם. עס פעלט פעלן פעלערן. עס פעלט — יהואש, דער פּערזענלעכֿער, דער גוטער, דער בייזער, דער פיינער,

דער רויקער, דער מענטשלעכער נישט־גאַנץ־פֿאַרמאַנדלט און פֿאַרפֿיינערטער יהואש.

עס פֿעלט דער יהואש פֿון די ב ר אָ נ ק ס, מײַנע הערן!

# אברהם רייזען

... פון יהואשן צו רייזענען איז ווי דער איבערגאַנג פון אַ רייכן גלאָז-גאָרטן, וואָס בליט סיי זומער און סיי ווינטער, צו אַ נאַטירלעכן גאָרטן וואָס ליגט אין דרויסן און בליט און וויאַנעט אויף וואָס די וועלט שטייט. עס איז דער איבערגאַנג פון דער קינסטלעכער גלאָז־גאָרטן־לופט, צו גאָטס אַלגעמיינער לופט, וואָס איז פול מיט וועלט־אונטערגאַנג און מיט פרילינג. עס איז: ווי דאָס איבערציִען זיך פון אַ לאַנד, ווו יעדער טאָג איז שבת־קודש־אין־מיטן־העלן־טאָג, צו אַ לאַנד, ווו מאָנטאָג איז מאָנטאָג און זייגער זיבן איז זייגער זיבן. עס איז ווי דער אונטערשייד צווישן אַ העכסט וווּנדערבאַרן פּאָרטרעט פון אַ בלאָנד מיידל ביז דאָס ל ע ב ע ד י ק ע בלאָנד־זיין פון אַן אַכצנ־יעריקער, עס איז ווי דער חילוק צווישן אַן 98־סענטיקער העמד, וואָס איז שטייף געפּרעסט, מיט אַ גלאַנץ פון אויבן, ביז אַ העמד פון זיידנשטאָף, וואָס איז נגידיש־צעקנייטשט און אָפּגעלאָזן.

דער ערשטער באַנד פון רייזענס לידער איז אָפּגעלאָזן, נישט פאַרקעמט. ווען דאָס דאָזיקע בוך זאָל זיין אַ מיידל, וואָלט עס געווען אַ גרויסע שענהייט (ברונעט), וואָס האַלט אין פאַרלירן די האָר־נאָד׳ען פון קאָפּ, און אַ האַרץ וואָלט זי געהאַט אַ גאָלדנס, נאָר די נעגל וואָלט ביי איר געווען נישט קיין גלאַנציקע. ביי יעדער געלעגנהייט וואָלט זי גערעדט פון גליק, און זי וואָלט געווען זייער אַ קלוגע (אַ ליטוויש מיידל!) און זי וואָלט זיך באַנוצט מיט אַ מאַסע אויסרופונגס־צייכנס — ווי די פאָלגנדע אילוסטראַציע ! ! ! ! ! ! ! (7 שטיק). און יעדעס מאָל איידער זי וואָלט זיך מיט אייך געזעגנט, וואָלט זי גע־

זאָגט: אַך, אַך, ווי איז מיין העניע דאָס גאָלדענע קינד! (בלעטל 27). אָ, דער וועג, ווי קורץ און קאַרג (34), אַך, זי (די שטאָט) געהערט דעם שטן (40), אַך, שיינע זומערטעג באַקאַנטע (45), אָ, האָפנונגען מיינע, בליט! (59) אַך, איך גיי אויף אַ חתונה!... אַך, איך גיי מיך נעמען ס׳לעבן. אַך, איך גיי מיך קויפן אַ שקאַרמיץ־ווײַנשל!..

רייזען איז אַן אַך־שרײַענדיקער דיכטער. אָפּטמאָל איז זיין אַך־געשריי אַ ביסל צו הויך, אַ ביסל צו שכּלדיק, אַ ביסל צו למה־זה־אנכי־דיק, אָבער אומעטום איז זיין אַך־געשריי טיף־מענטשלעך, און אַז איר דערהערט דעמדאָזיקן געשריי, זאָגט איר: אַך! גוט, וואָס ער קרעכצט! מיר אַליין פּאַסט נישט צו קרעכצן. איך בין אַ מאָדערנער מענטש. נו, זאָל רייזען פאַר מיר אַרויסקרעכצן מיין טיף־יידישן „אַך", ווערט מיר גרינגער ווערן אויפן האַרץ, און איך וועל מיר קענען שרייבן מיינע מאָדערנע לידער ווענן

. . עמיצער — ער גייט אַוועק,
און ער קוקט מיך אָן אַזוי,
און איך ווייס נישט, ווער ער איז...
און איך ווייס נישט, ווו ער גייט...

די ציטאַטע איז נישט פון רייזענען. עס איז פון יעדנ־מאַנס מאָדערנע דיכטונג. עס איז אַ מוסטערליד פון יונגשאַפט. אַז מען וויל איז דאָס סימבאָליזם. ליזם! און אַז מען שפּאַרט זיך איין און מען רופט צונויף אַ מאַסנפאַרזאַמלונג פון זשע־ביען, קאָן מען באַשליסן, אַז דאָס פאָלגנדע איז דאָס בעסטע ליד פונם היינטיקן יאָרטויזנט:

מיינע דראַמען זענען פלאַמען,
פלאַמען פראַנק און פריי.
בלאַנקען פראַנק די דראַמען־פלאַמען,
ווי די אויגן פון אַ מאַמען,
ווען די מאַמע־אויגן פלאַמען —
אויף די ימים אָקעאַנען...
ווי אַ ווינט־שיף איז פאַראַנען,

װוּ אַ װינט שיף איז
פֿאַר
אַנען.

רײזען איז נישט קײן מאָדערנער דיכטער, מיט שאַפֿונגען לױטן לעצטן מאָדעזשורנאַל. רײזען טוט נישט אָן זײנע גײסטיקע קינדער אַ.ע װאָך אַ נײ היטל, כּדי מען זאָל זײ נישט דערקענען און מען זאָל מײנען, אַז דער טאַטע זײערער איז אַ פּרוכטבאַרער מענטש. רײזען איז אַ בּכּח דיקער דיכטער. אָנשטאָט נײע היטלען אָנשטאָט נײע פּריזורן (װי עס טוען אַ טײל יונגע) שאַפֿט ער נײע קינדער. רײזען גראַבּלט נישט אַרױס יעדן געדאַנק מ י ט ד י נ ע ג . . ער רײסט נישט זײנע שטימונגען מיט צװאַנגען. זײנע גײסטיקע געבורטן קומען אָן גרינג און אָן בּלוטפֿאַרגיסונג, דעריבּער זעט איר נישט, אַז ער זאָל זײנע שאַפֿונגען אַזױ קעכלען־און־פּעכלען װי אַנדערע דיכטער. דעריבּער אַזעלכע נישט־גלאַטיקײטן װי: „אָנשטאָט אַ קװאַל, ג ע פ י נ ס ט אַ שטײן (בּלעטל 10) — װאָס עס מוז זײן „געפֿינסטו אַ שטײן”...

מיט אַ קלײן בּיסל אַרבּעט האָט רײזען געקענט איבּערבּויען די שורה, עס זאָל זיך לעזן: „דו זוכסט אַ קװאַל — געפֿינסט אַ שטײן”. און דערפֿאַר האָט ער אױך אַזױנע נישט־פֿאַרזיכטיקײטן, װי דער טאָן־װאַריאַנט אױף זײן ליד „דער הענדלער”, אױף בּלעטל 24, װוּ ער זאָגט, מיט פֿידל־בּאַגלײטונג:

„שטיל און אומעטיק און שפּעט
האַרץ מײנס, װאָס ה אָ ס ט זיך צורעדט?”

װאָס גלײך נאָכדעם װי׳ט זיך זינגען:

„האָט איר נישט אַן אַלטע בּעט?
אַלטע הױזן, אַלטע שיך,
אַלעס, אַלעס, האַנדל איך.
האַנדל! האַנדל!”

און װאָס אַ חוץ דעם — איז דער „װאָס האָסט׳ ” אַ בּיסל אַ שװערפּיסיקער. און בּעסער װאָלט געװען צו זאָגן: „האַרץ, װאָס האָסטו זיך צערעדט?”

דאָס ברענגט אונז אויפֿן אַפֿאָריזם, אַז רייזען איז געגליכֿן צום דייטשן פֿאָלק. דאָס דייטשע פֿאָלק ליידט פֿון ד ײ ט ש ן, און אברהם רייזען ליידט אויך פֿון — אברהם רייזענען... און דעריבער דער פֿאָלגנדער פֿערז אין זיין אויסגעצייכֿנט ליד „אויפֿן ים״:

„וואָס־זשע טרייבט דיך, וואָס־זשע יאָגט דיך
אין דער וועלט אַלץ ו ײ ט און ווייטער?
זוכֿסט אַלץ נייע, ברייטע הימלען,
מיינסט, אַז דאָרטן איז עס הייטער?״

(מיטן ניגון פֿון „מה קא משמע לן״).

אָנשטאָט „ו ײ ט און ווייטער״ האָט רייזען זייער וויל געקאָנט זאָגן „ווייטער, ווייטער״ און אָנשטאָט „הייטער״ האָט ער געקאָנט זאָגן „יעפּרייטער״ אָדער „צוגספּירער״. ביידע זענען כֿמעט דייטשע ווערטער, און דאָס ערשטע איז פּונקט אַזאַ גוטער גראַם ווי „הייטער״.

רייזענס שטעלונג צו ווערטער איז בכֿלל אַ פּיינטלעכֿע. דער „פֿאַריין צו באַשיצן אומשולדיקע ווערטער״ האָט באַדאַרפֿט זען עפּעס טון. רייזען נעמט, למשל, אַזאַ קורץ־און־אומשולדיק וואָרט ווי „וווּהין״ און מאַכֿט דערפֿון אַ „וו׳הין״... רייזען האָט אויך אַ שוואַכֿקייט צו אַזוינע קייזערקעניגלעכֿע ווערטער ווי „זעגענען״, „וועלע״, און אויף בלאַט 34 וויל ער „בלומענדופֿטן שפּירן״.

רייזען איז, דאַנקען גאָט, נישט קיין פּראָפֿעסיאָנעלער דענקער. ער דענקערט נישט. ער ל ע ב ט. ער לעבט א י ן דעם גרויסן וועלט־געדאַנק, און פּרוווט זיך אין אים צו אָריענטירן. פּרוווט געפֿינען אַ זין אין דעם „הערבסט־שמייכֿל, וועלכֿער פֿאַלט אויף הוילע פֿעלדער״ (13), פּרוווט פֿאַרשטיין די נוצלעכֿקייט פֿון דער גאָרטנרויז:

„דיך אָפּרייסן פּלאָגט דאָס געוויסן
דיך נעמען אין האַנט איז אַ שאָד.״

און וועגן ליבע:

„אַך, נאָר דאָס איז ליבע,

אייביק זוך זי — זוך!
ווי עס ווערט באַשריבן
אין אַן אַלטן בוך"...

און נאָך אַמאָל די שווערקייט פון אַ געלאַנגווייליקט גרויסשטעטיש האַרץ:

„אומעטיק, מיידל, צו לעבן אַליין.
קאָנסט אפשר קומען צו מיר,
מיין צימער איז אָרעם, מיין צימער איז קליין,
האָט אַ באַזונדערע טיר,
האָט אַ באַזונדערע טיר,
נאָר קיינער, אוי, קלאַפּט נישט אין איר!"

וויפל אידעלע שיינקייט! וויפל מוזיק! און וויפל פיינע ג ע ד אַ נ ק ל ע כ ק יי ט. אָבער דאָרט ווו אַן אַנדערער גיט די געדאַנקען אויפגעלעזטערהייט, גיט רייזען דעם פּרעפּאַראַט — דאָס ריינע געפיל, אָדער די שטימונג, וואָס מוז ערשט צעפּירט ווערן דורך דעם פּאָפּולערן געדאַנקען-וואַסער, כּדי צו ווערן דאָס, וואָס דער ציישטונגס-לעזער רופט „פילאָזאָפיע".

רייזען איז אפשר דער גרעסטער ג ר ו י ס ש ט ע ט ל ע ר אין דער יידישער ליטעראַטור: צווישן די עלטערע יידישע דיכטער איז רייזען אפשר דער ערשטער, וועמעס שרייבן האָט זיך פעסט אָפּגעריסן פון דעם תּלמודישן שטייגער פון מאָראַליזירן, פון שטראָפן, פון מוסרן.

רייזענען דאַרף מען נישט לעזן מיט רש"י אָדער מיט שפתי חכמים אָדער מיט תּרגום-בעל-מחשבות-קאָמענטאַרן, אָן וועלכע די „יונגע" קאָנען נישט אָפּגעשאַצט ווערן. רייזענס טאַלענט איז נישט דורכגעגאַנגען די אוניווערסיטעט פון קלאַסיציזם. אדרבא, ער האָט געגעבן דער אַקאַדעמיע אַן ערציונג, ער האָט זי גענומען אין חדר אַריין, צו זיך זעלבסט.

רייזען זינגט נישט פון לעבן, נאָר ער זינגט פון זיך דאָס לעבן אַרויס. רייזען איז דער דיכטער מיט אַ געבורשטיין. מיט אַ היים ערגעץ-ווו. ער איז אַ קינד פון טאַטע-מאַמע — אָבער נישט קליינשטעטלדיק. די קליינשטעטלדיקע „וועלטבירגערלעכ-

קייט״, וועלכע מ׳קאָן אַרויספילן פון די מאָדערנע דיכטער איז אים פרעמד. רייזענס נשמה איז אַ גרויסשטאָטישע. בענקט זי נאָך דעם קליינעם שטעטל, נאָך דער פאַרשאָטנקייט, נאָך דעם פרימיטיוון לעבנס־אויסדרוק. ווייל:

„מיר שטאַמען אַלע פון אַן אַנדער וועלט...״

די וועלט פון עלעקטרישע שילדן איז נישט אונזערע. און די שטיי־קראַגן־ציוויליזאַציע איז נישט קיין יידישע. ווייל:

„מיר זענען פון וועלט די פרושים,
אויף „טעג״ ביי די פעלקער באַשמעלט.
דאָ מאָנטאָג, דאָ דינסטאָג, דאָ מיטוואָך,
אַ שבת — אַ שבת נאָר פעלט...״

רייזען האָט ווייניק קאַפּריזן. דאָס געפעלט מיר נישט. אַ דיכטער דאַרף זיין קאַפּריזנע — אַזוי ווי איך, און ער דאַרף נישט געפעלן ווערן די לעזער. רייזען געפעלט די לעזער, אָבער נישט דערפאַר ווייל ער איז אַ גרויסער דיכטער, נאָר כאָטש ער איז אַ גרויסער דיכטער. דאָס אמת־גרויסע און אייביקע אין רייזענס דיכטונג ווערט זעלטן פאַרשטאַנען. דאָס איז אַ שטיקל טרייסט. די רייזען־לידער, וואָס ווערן געזונגען פונם עולם, זענען בכלל נישט זיינע בעסטע (מיט דעם אויסנאַם פון „מה קא משמע לן״). זיינע בעסטע לידער זענען די געלעבטע לידער, נישט די געדיכטעטע — נישט די באַלאַדן א. אַז. וו. רייזען דאַרף נישט דיכטן. זיין נשמה איז אַזוי פאַרבנפול און אַזוי רייך אין עמאָציעס, אַז ער דאַרף נאָר געבן זיך זעלבסט. דעריבער זענען זיינע בעסטע לידער די לירישע, ידער פון בענקשאַפט, פון אייביקן רחמנות, פון פיעטעט, פון שטילער רעזיגנאַציע. און דעריבער שרייבט רייזען אין „פוילן־טאָג״, ווען פוילישע טעכטער גייען אום זאַמלען מלחמה־נדבות:

„איך האָב פאַרגעסן אַלע לערן,
וואָס מ׳האָט געפלאַנצט אין זיי, אין מיר;
איך האָב געזען בלויז חורבות־הייזלעך,
אַן אָרעמע פויערטע ביים טיר״...

רייזען שפּילט נישט דעם מלאך פון רחמנות. רייזען פאָזירט

נישט. רחמנות, ליבשאַפט און בענקען זענען זיינע טיפסטע סענטימענטן. רייזען זעט די קרומקייטן פון לעבן אַזוי ג ר אָ ד, ווי קיינער נישט פון אונז. מיר זעען אַלצדינג קרום און ווינקלדיק, — ער, רייזען, זעט אַלצדינג ראַציאָנאַל און פון וואָרצל אַרויס. זאָגט ער צו די קינדער:

„אָנשטאָט געלט, האָט ער נאָר שערבעלעך.
וואָס־זשע זאָל אייך, קינדער אַרן?
מיט די עלטע געלט די קערבעלעך,
שפּילן זיך נאָר גרויסע נאַרן...״

אָדער אויף בלאַט 11:

„ווי קליין איז דאָס טייכל געווען,
און רויק זיין וועג זיך געגאַנגען,
קיינמאָל געהאַט קיין באַגערן
דעם ים, דעם אקינוס דערלאַנגען...״

רייזענס פעלערן זענען, דערהויפּט, אין דער קאָנסטרוקציע פון פערז און אין דער שפּראַכלעכקייט. אַזוי, למשל, אין שיינעם ליד „די צויבערין״ זינגט ער: „דער קאָזאַק פאַלט צום קערפּער צו, און קריצט די ציין „ווי פאַלש ביסט דו״. בעסער וואָלט געווען, ווען אָנשטאָט „ווי פאַלש ביסט דו״, זאָל זיין „דו פאַלשע, דו!״ אויף בלאַט 138 האָט ער אַזאַ וואָרט ווי „ג אָ ט ע ס פ ל ו ד״, אויף בלאַט 142 האָט די שמחה „דערגרייכט דעם ה י י ס ע ס ט ן גראַד״. אָבער דאָס איז אַלץ גאָרנישט. ווייל וואָס איז דיכטונג? וואָס איז קונסט? אַ שפּיל! און ווער קאָן דאָס זאָגן ווי אַזוי מ׳דאַרף זיך שפּילן? און צו וואָס שלייפן די פערזן און פאַרלירן איבריקע צייט?

„דען די קינדער שפּילן,
ביז ס׳פאַרגייט די זון,
און זיי גייען שלאָפן,
ס׳איז קיין בייז דערפון...״

---

עס זענען פאַראַן בילער, וואָס זענען קלוג און עס זענען

פֿאַראַן ביכֿער, וואָס מוזן קלוג געלעזן ווערן. די ערשטע זענען קלוג דערפֿאַר, ווייל זיי דריקן אויס קלוגהייטן, די אַנדערע זענען קלוג דערפֿאַר, ווייל זיי קענען קלוג—שווייגן, קלוג באַהאַלטן זייער חכמה.

די ערשטע ווערן שיין פֿאַרשטאַנען, די אַנדערע ווערן שיין דערטראַכֿט. ביים ערשטן האָט איר ס׳געפֿיל, אַז איר פֿאָרט זייער גיך, אַז איר וועט ערגעץ אָנקומען. ביים צווייטן האָט איר ס׳געפֿיל, אַז איר שטייט וווּנדערבאַר שנעל, אַז אייער נישט אָנקומען־צום־אָרט איז אַזאַ אינטערעסאַנטער, אַזאַ טיפֿער, אַזאַ אַרום־זיך זעלבסט־דרייענדיקער, ווי דאָס לעבן, ווי דער טויט, ווי ביידע אינאיינעם.

רייזענס ווערק זענען מיט טאָפּלטע רעלסן. זיי גייען און קומען אין דער זעלבער צייט. איר פֿאָרט און איר האָט הנאה פֿון דער גלאַטפֿאָרנדיקייט, פֿון דעם מעסיקן טעמפּ, פֿון דעם פֿיינעם נשמה־קלימאַט, פֿון דער גרויסאַרטיקער ווייכֿקייט פֿון דעם וואָגן, פֿון דער נאַטורס שיינע פּראָווינצן, פֿון דעם לעבנס קונציקע אונטערוועגן, וועלכֿע צעטיילן זיך אין אַלערליי כּלומרשט זיגזאַגישע גענג און קומען זיך צונויף, כּדי זיך ווידער פֿאַנאַנדערצוגיין.

רייזען שרייבט אַ סך. און אַ סך מער ווי דאָס. ער שרייבט און ער צעשרייבט דאָס שוין־עטלעכֿע־מאָל־אָנגעשריבענע אויף זייטיקע, גאַנץ־דינע שרייבונגען, וועלכֿע קומען זיך צונויף ביי אַ געוויסן טערמינוס, — ביי דעם אַטאָם פֿון הילפֿלאָזיקייט, ביים יידישלעכֿן טיפֿן רחמנות, ביי דער ווייט־צעקנעפּלטער מענטשנליבע, און דאַן צעפֿאַלן זיך די אַזוי אויך ווייניק ניאַנגאַרישע מאָטיוון — אויף קלענערע, גראָערע אונטער־שטראָם־וואַריאַנטן, וואָס פֿלייצן אַוועק אַהין־צַהין, פֿון וואַנען זיי זענען געקומען.

מיט רייזענען איז גוט צו פֿאָרן. ער פֿאַרמאַטערט נישט מיט האַלבע ווערטער. ער אויגלט נישט מיט די אויגן, ווי אַ פּאַ־ש־ליטעראַרישער משיח. ער גייט נישט אויף האַרטשטיינערדיקע וועגן צו דער אומבאַקאַנטער מורא־אָנוואַרפֿנדיקער הויכֿקייט.

ער פירט אייך נישט אין די פינסטערע שאָטן, ווו עס ליגן
די קערנער פון דעם טונקעלן פלאַקס, פון וועלכן עס ווערן
געשפינען די טעג פון אונזער לעבן. ער איז נישט קיין באַרג־
ק,עטערער, אונזער רייזען. גייט איר מיט אים, האָט איר נישט
דאָס פאַרגניגן, וואָס קומט פון גייסטיקן פאַרמאַטערט־ווערן —
ווי, צום ביישפיל, ביי בערגעלסאָנען. גייט איר מיט רייזענען
גייט איר נישט גיך און נישט פּאַמעלעך. איר ווייסט, אַז ער —
דער גוטער רייזען — גייט שוין פאַר אייך. ער וועט שוין מסתמא
ערגעץ אָנקומען, און אויב נישט — אַרט אייך אויך נישט. ווייל
ווו רייזען זאָל נישט גיין, נעמט ער מיט זיין וועטער. ווייל
רייזען איז דורכויס ד ר ו י ס ן — שיינער, ווונדערבאַרער דרויסן,
פון וועלכן מען קאָן נישט אַרויס און נישט אַריין.

רייזען איז נישט קיין אַ נ ט ד ע ק ע ר, ווי קאָלומבוס, נאָר
אַן ערפינדער, ווי עדיסאָן. ער לאָזט זיך נישט אַוועק מיט אַ
זעגל־שיף אויף די ימים־אָקעאַנען, כדי צו געפינען אַ נייע
וועלט.

ער זיצט ביי זיך אין דערהיים און ערפינדט אַלערליי
איינפאַלן. פאַלט אין אים איין די טעמע „מוטער רחל", טוט ער
זי אָן אין אַ צייטיקן און זייער לירישן אַנעקדאָט און — סע
ווערט דערפון אַ שיינע און האַרציקע זאַך. רייזען קריכט נישט
אַדורך דורך זיין טעמע, און קומט נישט אַרויס דורך דער אַנ־
ד ע ר ע ר זייט, נאָר פאַ ר ק ע ר ט, ער ציט די טעמע דורך
דורך ז י ך. ער לייטערט זי מיט זיין ווילן, ער פילטרירט זי
דורך זיינע נישט־אינם־לעבן־איבערזעצטע־ווונטשן. און דערפון
קומט אַרויס אַ געמיש פון קלוג־פאַרצווייפלטע זשעסטן און
חנעוודיקע פאַרליבטקייט אין לעבן, גלאַט־אַזוי. אפילו אָן חתן־
מתנות.

רייזען איז נישט קיין ז ו כ ע ר פון נייע וועגן, נאָר —
אַ פאַרלירער. קומט אים אַנטקעגן אַ נייער וועג, לאָזט ער אים
איבער אין דרויסן און פאַרלירט אים אין דער ריזיקער דרויסנ־
קייט פון זיין סטיל, פון זיין פאַרענדיקטקייט.

געקומען די רעוואָלוציע פון יענע יאָרן און מיט איר די־

קרומקייט, די פֿאַנאַטישקייט פון די נייע רויטפּאָניקע חסידים, האָט רייזען געלאַכט, — געלאַכט ווי אַ גרויסשטעטיקער מענטש און ווי אַן ערפינדער, וואָס אַז ער וויל קאָן ער ערפינדן אַ נייע סאָרט מענטשלעכע „באַטור", וואָס זאָל זיין ווייניקער פאַרוויקלט, וואָס זאָל זיך לענגער טראָגן און וואָס זאָל קאָסטן ביליקער.

רייזען איז אפשר דער אייבישסטער דיכטער, וואָס מיר האָבן. רייזן גיט זיך — ניין, ער שענקט זיך אַוועק כמעט אומזיסט, צו שפּאָט־ביליקע פּרייזן. ציטערט אין אים די פיינע סטרונע פון סימבאָל — פּ אַ ר פ י ז י אָ ל אָ ג י ש ט ער אָפּט דעם דאָזיקן קלאַנג. גיט ער עס אין אַ ראַמל. אין אַ זיכערער פאָרם. מוז דער קלאַנג ערשט אַ נאָכקלאַנג באַקומען, כדי צו ווערן דאָס, וואָס דער דיכטער האָט געוואָלט ער זאָל זיין. מוז ער האָבן אָן־אַ־שיעורדיקע דיסטאַנץ. אָבער רייזענס פיין־סימבאָלישע זאַכן, ווי „אייזן", „דעם ציידנס לאַמטערן", זענען צו־פיל־פאַרריגלט, צו־פיל־פאַרענדיקט, אַז זיי זאָלן לאָזן אַן אָרט פאַר דעם שטילן נאָכקלאַנג, וואָס קומט פון די וועלטן אומבאַקאַנטע, פון וועלטן נישט אויסגעמאָסטענע.

*   *

*

האָב איך געלעזן זיינע פיין־ליטעראַרישע ווערק ביים ברעג ים. האָט אַ טיפער אומעט אויף מיר געווייט: — פונם ים און פון רייזענס דערציילונגען. האָב איך אַרויפגעשמייכלט צו גאָטס הימל און געפרעגט: וואָס איז, אַ שטייגער, ווערט רייזענס אַ מענטש, נ אָ כ ד ע ם ווי מען האָט אים באַשריבן? צומביישפּיל, און אַז עס האָט געטראָפן אַזוי, און אַזוי? צומביישפּיל, ביסטו דען, מיין ליבער רייזען, מחויב אַלע דיינע שטילגייענדיקע מענטשן מיט דיין אייגענער קינסטלער־נשמה אָנצוטון און זיי מיט פרעמדע נעמען אָנצורופן? צומביישפּיל, צו וואָס דאַרפסטו עס? פאַרוואָס גיסטו נישט — ווי אין דיינע לידער — זיך אַליין אין דער אַליין־איקסטער פאָרם, וואָס עס איז נאָר מעגלעך? פון וואַנעט ווייסטו (איך רעד פון מיין א יי ג ע נ ע ם, העכסט־פער־

זענלעכן שטאַנדפּונקט!), אַז דיין העלד הייסט אַזוי און אַזוי?
און פֿאַרוואָס, אָ, פֿ אַ ר וו אָ ס טוען זיי אַלע באַגיין אַזעלכע העכסט-געוויינלעכע, דאָך העכסט-באַשרייב,עכע זאַכן? צומביי-שפּיל, פֿאַרוואָס איז נישט זייער לעבן אַזוי לאַנגווייליק און אָן אינטערעסאַנטע אינצידענטן ווי... מ יי נ ס, ווי י ע נ ע מ ס?

רייזענס ביכער זענען אַזוי קערנדיק און נוצלעך, ווי זיי זענען שיין און אַזוי אויפריכטיק, ווי זיי זענען פֿול מיט איי-דעלן הומאָר און מיט מאָטיוו-פֿאַרביקייט. נאָר די מענטשן — די מענטשן זענען, די נישט-אַנטדעקטע, נאָר ערפֿינדענע מענטשן, אין זייערע גלייכע גענג, אין זייער אַלצו-מענטשלעכקייט, אין זייער בענקען נאָך דעם ביסל גליק, וואָס אָך! ווען וועלן זיי עס שוין געניסן? — די דאָזיקע מענטשן, זאָג איך, האָב איך נישט זייער ליב. זיי זענען מיר נישט גענוג פֿרעמד. איך קען זיי כמעט אַלע פּערזענלעך.

רייזען דער קינסטלער קאָן ערפֿינדן דאָס א ו מ ג ע וו יי נ-ל ע כ ע, אפֿילו אין דער געוויינלעכסטער זאַך, אָבער רייזען דער שרייבער פֿאַרגעוויינלעכט אַלצדינג, מיט אַן אָנהויב און אַ סוף און אינדערמיטן, און דאָס איז אַ שאָד!

# יוסף יפה

לידער. אַרויסגעגעבן פון ס. גורעוויטש.

אין זיין האַרט־עברידיקן „אַריינפיר" צו יוסף יפהס לידער, זאָגט אונז דער אַריינפירער, דוד פינסקי, אַז יוסף יפה זינגט דערהויפט פון ליבע, אַז ער יובעלט פון ליידנשאַפט, אַז אין זיינע לידער איז נישטאָ קיין אָנגערוקטקייט אָדער עפעס געוואָלטעס, אַז זיי זענען שקאָצעקיוואַטע, אַז ער איז אַ געזאַלבטער פון גאָט, און אַז ער (פינסקי) האָפט, אַז יוסף יפה וועט איינעמען די שטעלע אין אונזער ליטעראַטור, וועלכע ער פאַרדינט. אָבער וואָס פאַר אַ שטעלע יוסף יפה פאַרדינט „איינצונעמען", זאָגט אונז נישט דער אַריינפירער. מיר שטויסן זיך בלויז אָן, אַז ער דאַרף איינעמען די שטעלע פון דיכטער, וואָס זיין ספעציאַליטעט איז ליבע. דאָס הייסט: דיכטן דיכטעט ער וועגן פאַרשיידענע אַנדערע ענינים אויך, נאָר די ליבע — דאָס איז זיין שטאַרקע זייט, זיין פעלזן פון גיבראַלטאַר, זיין פאַנאַמאַ־קאַנאַל.

מעג געזאָגט ווערן, און טאַקע דאָ־אָ, אין מיטן דרינען, אַז איך האָב נישט ליב די דיכטער, וואָס ספעציאַליזירן זיך, וואָס פירן איין אין דער דיכטונג די אַמעריקאַנישע מאָדע פון איינטיילן די אַרבעט אין סעקציעס — כדי עס זאָל גיין שנעלער. דיכטונג איז נישט קיין שניידעריי, ווו איינער ספעציאַליזירט זיך אויף אָנייען קנעפלעך, און אַן אַנדערער ספעציאַליזירט זיך

אויף מאַכן אַרבעט. איך האָב מיין חשד אויף אַלע דיכטער, וואָס פּאַרלאַהקאַפּילאָוויצן די ליטעראַטור, וואָס שרייבן בלויז קינדער־לידער — וועגן קינדער ביז פערצן יאָר. אָדער שרייבן בלויז ערינערונגען פון ארץ ישראל, אָדער באַשרייבן בלויז יידן מיט שוואַרצע בערד און נישט קיין אַנדערע.

דער אמתער דיכטער, פונקט ווי דער אמתער שניידער, מאַכט אַ גאַנץ שטיקל אַרבעט. ער קען אויך באַזינגען אַלע טיילן פון דעם מענטשנס נשמה, אַלע אירע רעגונגען, אירע קאַמפן, אירע חלומות. ער איז אפשר נישט אַזוי „עפישיענט" ווי דער ס ע ק ש אָ ן־ד י כ ט ע ר, נישט אַזאַ שנעלער באַלמע־לאָכע, אָבער ער איז גרינטלעך, ער איז דורכויסיק, ער איז אַ געענדיקטער לידער־מאַכער, וועמען איר קענט לאָזן רופן צו זיך אַהיים און זיך הייסן נעמען די מאָס אויף אַ גאַנצן נשמה־אַנצוג — פון אַ קראַוואַטל, ביז אַן אויבער־ראָק, ביז אַ פוקסענעם טוליפ.

יוסף יפה, אַלס ספּעציאַליסט אויף ליבע, איז אָבער אַן אָ פּ ש ט אַ מ ל ע ר פון אַ רב. ער שטאַמט פון אַ רב, ער איז אַן אוראייניקל פון רבנים און — מיט דוד פינסקיס אייגענע ווערטער — „דער שפּראָץ פון לאַנגע דורות רבנים ביז צו רב מרדכי יפה, דער בעל־הלבוש". און אַלס אַן אָפּשטאַמלער פון אַזאַ גאָלדענער פּאָן, איז עס אפשר געווען אַ טעות פון יוסף יפהס זייט, וואָס ער האָט זיך ספּעציאַליזירט אויף אַזאַ נישט יידישע זאַך ווי ל י ב ע.

יפהס לידער האָבן דעם נאָכקלאַנג פון אַ זעלבסטגעמאַכ־טער אַלטמאָדישקייט, וועלכע האָט נאָך נישט דעם רייץ פון טראַדיציע, דעם כישוף פון דיסטאַנץ. יפה זינגט וועגן זיין זינ־גען, אויף אַזאַ אַלטמאָדיש־יידישן אופן, קלאָגט זיך, אַז מ׳לאַכט פון זיין מוזע, רעדט פון זיין ל י ב ל ע כ ס ליד, און פרייט זיך, אויף בלעטל 75, ווען ער גיסט זיך צוזאַמען מיט זיינע טענער און „הילכט אין די פּרעכטיקע שירים פון הערלעכן, הימלישן רוים". נאָר פּלוצלינג ווערט אַלץ פאַרשוואונדן. יוסף יפה ערוואַכט פון זיין טרוים (אַ גראַם צום פריערדיקן „רוים"), אָבער

ביי אים אין האַרצן בלייבן פיל טיפע סימנים:

„דאָס זענען די טענער, די לידער,
און זיי גיס איך אויס אויף פּאַפּיר.“

שוין באַלד פון אָנהויב פון זיין בוך רעדט יוסף יפה וועגן „לידער קינדער“. אויף בלעטל 19, האָט ער אָפּט אַ „לידל־קינד“ און זיין לעבן איז ליב און לינד. אויף זייט 21 זינגט ער זיך זיין לידל און איז לוסטיק. זיין גאַנצער טאָן איז אַזאַ פּראָפעסיאָנעל־דיכטערישער, פול מיט די ספּעציעלע ליידן פון דער פּראָפעסיע, מיט די יסורים, וואָס מ׳שטייט זיך אויס פון דער מוזע און פון דעם צער, וואָס מען מוז אַמאָל נעמען אַ שפּאָגל נייע שורה און זי צעשפּאַלטן אין מיטן, כּדי זי זאָל אַ ר יי נ ג יי ן:

„זאָגט מיין ליבסטע: ס׳איז מיר שטאַרק
טרויעריק צו מוט...“ (43).

אָדער:

„איך קוק מיין ליבסטע אין געזיכט
און גאַנץ פאַרוווּנדערט. גאָר
אין גאַנצן איז דאָס שוועסטערל
נאָר יינגער מיט צוויי יאָר.“ (54).

אָדער:

„און איך גיי דאָס פון מיין ליבער
דאָבעלען אַצינד.“ (51).

אָדער:

„אין מיין האַרצן ציט און בלאָנדזשעט
אום אַן אומבאַשטימטער טאָן.“ (37).

אַדער:

„הוררא, אך! אָט קומט זי, אָט איז זי שוין דאָ,
אָ, נחת, מיר זעען אונז ווידער.“ (40).

יוסף יפה איז זיך באַוווּסט יעדע רגע פון זיין שרייבן, אַז ער שרייבט. און אפילו מיט זיין אומשולדיקן פעטער, פון בלעטל 46, האָט ער אויך אַ שמועס מכח זיינע לידער־קינדער. און דער פעטער — ווי אַלע קאָנסערוואַטיווע פעטערס — זאָגט

אים, אַז לידער מוזן זיין הייסע, יידישע און רעבטע, און זיינע (יפהס) לידער האָבן ג פט, זיינע לידער זענען שלעכטע. נאָר יפה קימערט זיך נישט שטאַרק. זאָל דער פעטער, טראַכט ער, ווערן קעלטער. דאָבע, דאָבע קריגט אים האָלט, דאָבע, דאָבע קריגט אים הע ל ט ע ר.

ס׳איז באַקאַנט: די עכט־זשענטעלמאַנישע מאַנירן געפינט מען נ י ש ט ביי די זשענטעללייט, נאָר ביי זייערע דינער. טאַנץ־פּראָפעסאָרן און לאָקייען האָבן די פיינסטע מאַנירן אין דער וועלט. אין אַן אַריסטאָקראַטיש הויז איז קיינער נישט ווייביקער אַריסטאָקראַטיש ווי די אַריסטאָקראַטן זעלבסט. און אַזוי — ביז אַ געוויסער מאָס — איז אויך אין דער וועלט פון שורות־און־אותיות. דער אמתער דיכטער פירט זיך נישט אויף דיכטעריש, האָט נישט קיין דיכטערישע מאַנירן, רעדט נישט פון זיין מוזע, איז נישט פ ר אָ פ ע ס י אָ נ ע ל.

און וועגן יוסף יפהס ליבע־לידער: דאָס זענען נישט קיין ליבעס־לידער. נאָר ל י ד ע ר־ל י ב ע ס. ליבעס, וואָס ווערן געפירט ספעציעל צוליב דעם, אַז מ׳זאָל זיי קאָנען אויסדריקן אין ידער. אמתע יבע שטאַמלט, רעדט נישט־קלאָרע רייד, זינגט מיט די אויגן, קומט דאָס אַרויס נישט דייטלעך, פאַרבעפ.ט. אָבער יפהס ליבעס־לידער זענען העל, ווי זייגער צוועקבייטאָג, און זייער פייער איז נישט קיין ה י מ ל־פ יי ע ר, וואָס פאַלט ווו עס פאַלט, נאָר אַ גוט אָנגעשטעלט הויז־פייער, מיט אַלע געמיטלעכקייטן פון קלאַנג און מעטער, מיט אַלע קאָמפאָרטן פון פאַרענדיקטקייטן, פון אָפגעקיילעכדיקע אַפאָריזמען.

ער זינגט:

„ווי איך האַס אייך, ווי איך ליב אייך  
הייסער אימער, שטאַרקער אימער,  
פאַלש — געטרייע, גאַל — פאַרזיסטע,  
גאָט פאַר... (אָנמערקונג פון מ. נאדיר: מיינט איר  
דאָך פאַר... שאָלטענע, לאָזט זיך אויס) —  
גאָט פאַר...ש ט ע ל ט ע פרויענצימער!״ (24).

אָדער אַן אַנדער מוסטער פון יפהס ז אַ נ פ ט ע, דינע

ליבע, וואָס איז אַזוי יידישלעך קלוג, אַזוי אויסגעמחט — מיט אַ פאַרשאַרצט היטל:

„גאָט געטרייער, ווילסט מיך שטראָפן,<br>
האָסט דאָך וועגן אָן אַ צאָל;<br>
שטראָף מיך איינצלווייז מיט הונדערט,<br>
שטאָט מיט זעכצן אויף אַמאָל!...״ (21).

אַזוי זינגט יוסף יפה, דער אָפּשטאַמלער, אָ, פון דורות רבנים. ער זינגט און פאַרטייטשט. ער ליידט און פאַרטייטשט. ער ליבט זיין דאָבעלען (מערקט אייך: אַ געליבטע וואָס הייסט דאָ־בע־לע!) און פאַרטייטשט יעדן קנייטשט פון זיינע ליבלעכע ליבעסגעפילן, און „שטרוי״, זאָגט ער „אין האַרץ מיר אויפגעזוכט, אָבער טרייב עס נישט ווייט...״

נישט צו ווייט, אַלץ מיט אַ מאָס, מיט אַ תכלית. ווילסט, דאָבעלע, אַז דיין געליבטער זאָ, זיין אייפערזיכטיק? גוט. אָבער למע״ה, דאָבעלע, אָדער אָ געלע, „שטרוי נישט אין האַרץ צופיל אייפערזוכט.״ אַ קאַפּעטשקע פון צייט צו צייט — מהיכא תתא־אָבער נישט צופיל. און הורא, אך! ווען איך וואָלט כאָטש יגע־ווּסט, אַז אָלגאַ גלעט מיך מיט ליבע, און

ניט נאָר גלאַט אויס מענטשנפליכט...

(68)

וואָלט איך געווען הורא, גליקלעך! אָבער דערווייל —

„צי וואָלט נישט געווען פיל גלייכער,<br>
פיל בעסער<br>
דעם אייביק גערעכטן „איך״ צו באַצווינגען?״

דער יידישער טרובאַדור, ביי וועמען די ליבע איז, ווי פינסקי זאָגט, אַ האַרצבאַדערפניש, און וועלכער איז דער שפּראָץ פון לאַנגע דורות רבנים, וויל זיך נישט אַריינלאָזן אויף „גיפטיקע בליקן, וואָס ברענען און שטעכן״, און „גרויזאַמע ווערטער, וואָס שניידן ווי מעסער״, ער וויל בעסער באַצווינגען זיין „איך״ און נישט שטעלן אַ האַרץ אין סכנות, צוליב אַ נישט ווירדיקן שטיקל נצחנות.

בעסער און איינגעגעבענער ווי יפהס ליבעס־לידער זענען זיינע גרינג־געמיטיקע זאַכן. אויך דאָ איז ער נישט קיין שטיפער. אַ שטיפער מוז זיין גרינג אויף די פיס, און יפה איז אַ שווערפיסיקער מענטש, אַ תּלמיד־חכם, אַ זשענטעלמאַן. יפה לייגט צופֿיל כּבוד אויף זיך אַליין, און אויף זיין דיכטונג, צו קאָנען באמת שטיפן, צו קאָנען ווערן לייכטזיניק, נאָנסענסדיק. אָבער ער האָט אַ געמיטלעכן טאָן, אַ רויקן אָבער קלוגן — אפשר אויסגעקלוגלטן, אפשר אַ ביסל צו קופּלעטיש, אפשר צו ווייניק מענטשלעך, צו ווייניק פּיעטעטפול — (מיכל קאַפּלאַן קאָן דאָס בעסער!) אָבער ס׳איז דער איינציקער טאָן, וואָס ער האָט, וועלכער איז נישט אָנגעהויכט פון היינריך ה., פון ראָזנפעלדן („ווידער איז אַוועק דער שבת, ווידער קומט די אַרבעטס וואָך", דערמאָנט אָן „ווידער איז דער מאַי געקומען", עטצ.) פון ווינטשעווסקין („זיי ציען זיך לאַנגזאַם, אָן אויפהער זיך שלעפנדיק... נאָר טרערן רק נייע און ימים אָנשעפנדיק") און די אַנדערע יידישע דיכטער — אַלטע און עלטערע.

מוסטערן פון יוסף יפהס בעסטע שורות פון די בעסטע סטראָפן, פון זיינע בעסטע לידער (איך שטרייך זיי אונטער):

„...און ווי ׳ך זי ליב, צו זאָגן איר
דאָס קאָן איך נישט, דאָס פיל איך נאָר.
און פיל זי אויך אַזוי —
ווי וואויל איז מיר!
און פילט זי נישט אַזוי
ווי וויי איז מיר!" (35).

„מיר זאָלן זיין גליקלעך צוזאַמען
האָב איך זיך געקייט מיט אַ רינג"...
(פונם ליד „די קייט".)

„דאָך דו ליידסט פון מיר פיל מערער:
ווער עס זינדיקט, דער ליידט שווערער.
וויין און זאָל דיך גאָט דערהערן.

## ווײַן און דיר זאָל לײַכטער ווערן!

(פֿונם ליד: „ס'איז געגוג!")

נחתדיק און אײַגנאַרטיק־הומאָריסטיש זענען די לידער „מײַן ווײַבס מציאות", „די שטרענגע וואָך", „פֿאַר איך מיר אין מעמעל", „מײַן הינטעלע" (דאָס דאָזיקע ליד איז, ווײַזט אויס, דער עלטער־זיידע פֿון מאני לײַבס „ייִנגל, צינגל, כוואַט". אָדער האָט מאַני לײַב געשריבן זײַן פּאָעמא פֿריער? ביטע צו ענטפֿערן, פֿערזענלעך!) און „דעם שליאַכטשיצעס דאַנק".

*  *

*

שלעכט, אוי, שלעכט, איז יפֿהס שפּראַך, נישט קלאַנגיק, פֿאַרדײַטשלעכט, און סע שמעקט מיט די בראָשורן פֿון בונד. „מענטשנפֿליכט", „אַגיטאַציאָן", „ליבלעכעס ליד", „קאַפּאיעט זיך", „מוזיצירן" „א קוסעל", „ברעגעלע", „אַ מאַכלע", „לאַסצענען", „פּורפּור ליפּעלעך" (דער לע און לעך איז בײַ יפֿהן אַן אָפּטע ערשײַנונג!) „יוכצט" (אַ פּינסקיאיזם), „שטעלט זי קאַלט זיך אָן", „רײַכסט מיר", „זאַנפֿטע חלומות", „דאַן קומט זי שוין ווײַט".

בײַ יפֿהן זשוכעט ס'טײַכל, און „זיי ווײַסן פֿון ליבע אַ האָר נישט". „ראָזן" (אַ גראַם צו „פֿאַרלאָזן". ווען ס'זאָל זײַן „רויזן", וואָלט געווען ביטער ווי גאַל!) דאָס לעבן איז בײַ אים „ביטער אַ שרעק". אַן אַלט פּנים האָט בײַ אים קנויטשן! (נישט קנײַטשן, נאָר קנויטשן!) מענטשן ערצײלן בײַ אים („ערצײל דאָך, ענדיק דאָך פֿאַר מיר!" — 98). און אַזוי ווײַטער.

דער אויספֿיר פֿון מ. באַדיר: נײַן, פֿרײַנד פּינסקי. יוסף יפֿה איז נישט קיין ליבעס־דיכטער, צווישן אים און דער נאָך־פֿלוס־אולטראַקייט פֿון זײַן ליבעס־דיכטונג ליגט אַ גאַנצער היינע... אָבער זײַנע לײַכטע לידער זענען דורכגעטאַפּט מיטן אויער, זענען מוזיקאַליש און ווען זייער לײַכטקייט וואָלט נישט געווען אַזאַ אָנגעשטרענגטע, וואָלטן זיי געווען באמת אָנגענעם.

# „חרובע וועלטן"

א בוך פון א. ש. זאַקס.
„ליטעראַרישער פארלאג".

א. ש. זאַקס האָט מיר פערזענלעך איבערגעגעבן זיין בוך, שלעכט איינגעפּאַקט, אַרומגעבונדן מיט אַ דיק שפּיגאַטל און אויף דעם ערשטן בלאַט, וואָס טראָגט דעם נאָמען־אויפשריפט פונם ווערק, איז געווען פון אויבן אָנגעשריבן:

מאָישע!
נאַדיר!
— א. ש. זאַקס.

האָב איך עטלעכע מאָל געקוקט אויף דעם דאָזיקן אויפשריפט און איך האָב געטראַכט העכסט־פאָלגענדן, זייער רעוואָלוציאָנערן, אָדער — ווי דר. זשיטלאָווסקי שרייבט — רעוואָליוציאָנערן געדאַנק:

„צי איז מעגלעך, אַז אַ מענטש,
וואָס קאָן נישט פאַרפאַסן
קיין קלוגע בוך־אויפשריפט,
זאָל קאָנען אָנשרייבן אַ קלוג בוך?"

אַהאַ, מירן זען. מען קאָן נישט וויסן. למאי איז ראָלניק אַזאַ שוואַכער בריוו שרייבער? למאי איז מנחם אַזאַ גלענצענדער רעדנער? למאי שרייבט א. גלאַנץ אַזוינע פּראַכטפולע לייט־אַרטיקלען? למאי קאָן אַש נישט רייטן אויף קיין פערד?

אַזוי האָב איך גערעדט צו זיך אַליין, כדי 1) איך זאָל

נישט הערן די שטימע פון א. ש. זאַקסס חרובע וועלטן, וועל־כע זענען חרוב געוואָרן אויף 254 זייטן, מיטלמעסיקער פאָר־מאַט. כדי 2), איך ־אָל נישט פאַרנעמען דאָס פ אָ ר ק ו נ ע ן פון זיינע ליטווישע מענטשן, . ., זענען — כמעט אויף יעדער בוך־זייט — פול מיט טיפער ליבע צו לאָקשן און מיט דעם ברייטלעך־צעזונגענעם נקבים־גדולים־וקטנים־דיאַלאָג פון בלעטל 16.

עקלהאַפטער מוסטער (נאָכדעם ווי א. זאַקס האָט שוין אָפּגענקבימט עטלעכע מאָל אין די פריערדיקע שורות):

— רבי!!

— דהינו, וואָס?

— איך ווי, אויף נקבים.

— נקבים גדולים, אָדער נקבים קטנים?

— נקבים גדולים!

זאַקס יידיש איז נישט ניי־יידיש, אויך נישט אַלט־יידיש. עס איז זאַקסיש. אפשר אַנגלאָ־זאַקסיש? אפשר טאָטעריש. קינ־דער זענען ביי אים —

פופנעקלעך.
פופציקלעך,
פופציקעס.
האָליפופעס.
פיזאַקעס.
מאַזורקעס.
באיבאקעס.
וועווריקלעך.

אַלצדינג — נאָר נישט קיין קינדער. ביי זאַקס אַ הוס־טענדיקן מענטשן גייט יעדעס „וואָרט אַרויס פון מויל מיט אַ שטיק ש ל יי ע ן" (דערלאַנג מיר די אַמאָניאַק טראָפּן, ליבע פרוי!)

א. ש. זאַקס איז נישט קיין דיכטער. ער איז, פאַרקערט, זייער אַ פּאָפּולערער וויסנשאַפטסמאַן. פון אַזאַ איינעם ווי ער, האָט מען געמעגט ערוואַרטן, אַז די גראַמאַטיק וועט ביי אים

זיין הייליק און אָפּגעהיט. אָבער — הויכפּאָטישער טאָן — וואָס זאָל זאָגן דער מענטש, וועמעס הונגעריקע אויערן ווערן געשפּייזט אויף אַזוינע ווערטער, ווי „ער האָט אונטערגעטעניקט מיידלשע הערצער" (אָנשטאָט פּאַראונטערטעניקט), און „אונטערגעשטאַנענער משרת" (בלעטל 79), און וואָס זאָל טון דער מענטש, וואָס גלויבט נישט, אַז אַלע ליטווישע יידן גיבן זייערע שבת־אורחים צו עסן אַ גרויסע זילבערנע שיסל מיט לאָקשן? וואָס זאָל טון (אָ, מיר ווערן געהאַסט און געטריבן!) אַ מענטש ווי איך, אַן איידל קינד, אַ שטיקל אפּיקורס, וואָס גלויבט, אַז זאַקס וועלטן זענען ערשט חרוב געוואָרן דורך זאַקס בילדער, וועלכע זענען פלאַך אין אַלע דריי דימענזיעס? וואָס זאָל טון דער נישט גלויביקער, וואָס האָט, אַז זאַקס וועלטן וועלן — פון דעם אמתן קינסטלער — מוזן צוערשט אויפגעבויט ווערן, כדי מען זאָל זיי קאָנען קינסטלעריש חרוב מאַכן?

זאַקס „חרובע וועלטן" זענען נישט קיין בוך, נאָר אַ ריזיק לייט־אַרטיקל, מיט בראָנשן אויף דער פּראָווינץ און אַלס לייט־אַרטיקל איז עס שוואַך געשריבן. אַ גוטער לייט־אַרטיקל־שרייבער וועט נישט זאָגן, אַז „דער קעלמער מגיד האָט שטאַרק ליב געהאַט די יידן. ער האָט זיי געווונשן גליק" (109). אַ פּאָרזיכטיקער פּובליציסט וועט נישט זאָגן, אַז נאָך מנחה האָט די זון „אָנגעפאַנגען צו לייענען".

זאַקס בוך איז נישט שלעכט געשריבן — עס איז איבערהויפּט נישט געשריבן. עס איז געזאָגט ביי אַ שבת־טיש נאָכן עסן, בשעת מען שטעכט זיך די ציין, און מען געביצט געמיטלעך צווישן די פינגער. עס איז דאָס אומגעשריבנסטע בוך, וואָס מיר האָבן ווען־עס־איז געלייענט! עס ערקלערט נישט די ווילע שיינקייט פון אונזערע מנהגים — נאָר פאַרקערט. עס אַנטקלערט, עס צענעמט — בדרך משל — דעם שיינגעשניצטן ארון־קודש פון אונזערע לעבנספאָרמען, און גיט אים איבער, אין קליינע, נישט צונויפגעשלאָגענע, וואָכעדיקע שטיקער פון פאַריצחק־אבנטער באַגייסטערונג פאַר דאָס אַ.ט־

יידישלעכע, פאַר דאָס קלויזלעכע, פאַר דאָס בטלנישע, פאַר דאָס ליידיקע.

אין די „חרובע וועלטן" דערהויבט זיך א. ש. זאַקס צו דער מדרגה פון אַ נאַטור־שילדערער, וואָס שילדערט אויף וואָס די וועלט שטייט, וואָס אַרט עס אים? פרויען ליידן פון שוואַכע נערוון, מאַנסביל שפּרינגען פון די בריקן, איטאַליענער שניידן זיך איבער די העלזער, בחורים האָבן חתונה מיט זייערע אייגענע כלות און ער — שילדערט מיט אַלע כחות. ער עיל־דערט די „ערשטע שטראַלן פון דער מאָרגנזון", ער שילדערט אַ ייד, וואָס קאָן נישט קיין עברי און וואָס „אַ כתב־יד איז פאַר אים אַ פ אַ ר ז י ג ל ט ע ר בריוו" — ער שילדערט מענטשן, וואָס עסן לאָקשן און מענטשן וואָס ש ט י י ע ן אויף און עסן לאָקשן. ער שילדערט יידישע טעכטער, וואָס מען „באַרעדט זיי" און יידישע טעכטער, וואָס זענען „ריין און אומשולדיק ווי אַ בלום", ער שילדערט יינגלעך, וואָס גייען אין חדר אַריין. און יינגלעך, וואָס גייען דווקא אין — אַ העכערן חדר אַריין. ער שילדערט זיין אייגענע באַרייזטקייט, און ער שילדערט די גוואַלדיקע נאַטור־שענקייט פון זיין שטעטל, וואָס טאַקע „נאָר אַ קינסטלער וואָלט עס געקאָנט באַשרייבן". ער שילדערט ווי פיין און ווויל די ליטווישע יידן זענען און פאַרקערט: ווי אַזוי זיי זענען נאָך אַ סך פיינער ווי דאָס! ער שילדערט ווי אַזוי יידן פייערן זייער פסח, מחמת עס איז דער יום־טוב פון פרייהייט, (זע די הגדה פאַר ווייטערע אינפאָרמאַציע!) און ווי אַזוי זיי עסן קניידלעך און מצה און מרור און חרוסת. ער שילדערט ווי אַזוי אום שבועות עסן יידן בלינצעס און תשעה־באב — פאַסטן זיי. ר"ה דאַווענען זיי און יום־כפור בלאָזן זיי שופר. אַנטקעגן־זשע שמחת־תורה זענען זיי דווקא פריילעך און (שטעלט זיך פאָר די איבעראַשונג!) זיי גייען מיט הקפות. ערגוואָרט! חנוכה שפּילן זיי אין דריידל און — מערקט אייך! — פורים איז שוין גאָר אַן אַנדער זאַך. גאָרנישט צו דערקענען, אַז ס'איז דיזעלבע יידן!

* *
*

דאָס בוך „חרובע וועלטן״ האָט דריי איינלייטונגען. איינס: „זיטן און מנהגים״. צוויי: „ליטווישע יידן״. דריי: „שמחות און אבילות״. דער לעצטער אָפּטייל איז אפשר דער בעסטער — כאָטש אויך דאָרט איז אַלצדינג אַזוי בלוט־אָרעם, אַזוי בלאַס, אַזוי נישט־פון־דער־נשמה־אַרויס, אַזוי טאָגיק־פּאַרגראַט, אַזוי אָט־זעך־איך־זיך־אַוועק־און־גיב־דאָס־אַ־שרייב־אָן. ס׳פּעלט די נישט־קלאָרקייט פון דעם אמת, די פּאַרוואָלקנקייט, דאָס נישט־אויף־אַן־אָרט־שטיין, דאָס זיגזאַגישע, וואָס דריקט מיט זיך אויס דעם לעבנס ריטם, דעם לעבנס פּולס, דעם אמת.

אָבער דאָ און דאָרט טרעפט פונדעסטוועגן אַ קאַפּיטל, וואָס איז אָנגעוואַרעמט פון שכלדיקער ליבשאַפט פון פּאַרגעבונג פּאַר דאָס נישט פּאַרביקע, נישט־פּיקטורעסקע אין אונזער לעבן.

איך ברענג דאָ די בעסטע ציטאַטע פון זיין בעסטן קאַפּיטל „די ערשטע סליחות״, כדי מען זאָל נישט זאָגן, אַז איך בין אַ שלעכטער מענטש און אַ נ ט י־ל י ט וו י ש. אָט איז עס:

„ערגעץ ווו דרייט זיך אַ חולה אויף זיין בעט, ווו זיינע ווייען לאָזן אים נישט רוען און צעווייַנט זיך, ווען צו זיינע אויערן דערטראָגט זיך אבאַס אומעטיקער האַרצנאָגנדער (דער „האַרצנאָגנדער״ איז איבריק! — מ. נאדיר) פּזמון „שטאַרקט זיך לעבודת הבורא!״ „שטייט אויף צו די ערשטע סליחות״. דער ווינט פּייפט און ברומט (דער „פּייפט״ איז איבריק. — מ. נאַדיר.) און לאָזט אַרויס אַלערליי משונהדיקע קולות. די בלעטער פון די פּייכטע בוימער וואַרפן זיך איינע אויף די אַנדערע און סודען זיך. נישט ווייניק פון זיי פּאַלן אויף דער ווייכער בלאָטיקער ערד. פון דער ווייטנס טראָגט זיך דער רוגזהדיקער גע־רויש פון די וואַסער אין טייך, וואָס פליסט און פליסט אָן אויפהער, אָן אַ צוועק״.

# יוסף ראָלניק

לידער, פאַרלאַג „אינזל“.

אַן אומעטיקער טאָג. מיין לייכטזיניקע נשמה איז קאַלט און פאַרנעצט. טו איך אַ נעם ראָלניקס לידער־בוך. סאַראַ שווערער פאָליאַנט, און אַזעלכע ווייטע גראָ־זאַמדיקע ברעגן. אַך, גאָט! פאַרוואָס איז דער מענטש נישט אַ ביסל באַשיידענער? פאַרוואָס גיט דעד דיכטער פון פול־פערזענלעכן אַזאַ גרויסן פלאַץ אָפּ דעם ליידיקן? די נישט־פאַרשריבענע ראַנדן?

יוד ראָלניקס וועג איז נישט אַן אומענדלעכער און פאַרשטויבטער מדבר־וועג, וואָס פירט אין ערגעץ נישט, אפילו נישט טיפער אין דער מדבר אַריין, ווו מען קאָן פון אינטערעסאַנטע, פול־בלוטיקע לייבן פאַרצוקט ווערן. זיינע לאַנדשאַפטן: אַזעלכע וואַסער־פאַרביקע, אַזעלכע אומאַפּעטיט.עכע. ווער, פרעגט מ. נ., וויל דאָס אַרומוואַנדערן אָן אַ באַשטימטן מאַרשרוט, אָן אַ צוועק? זאַמדיקע וועגן — פפוי, עס לאַנגווייליקט מיך און איך וויל שלאָפן. זאָל איך דיר ווינטשן אַ גוטע נאַכט?

פערזענלעך: ניט פיין פון דיר — איך אירץ דיך נישט — קאָלעגע ראָלניק! (אין דער אויסגעטראַכטער דיכטער־רעפובליק, לכל הפחות, קאָן איך זיך ערלויבן צו זיין אַריסטאָקראַטיש־פיין, מאַנירלעך). פאַרוואָס פאַרביטערסטו מיר ס'לעבן מיט דיינע ליטווישע לידער, פון וועלכע עס ווערט אַזוי אומהיימלעך, אַזוי ביטער?

י. ראָלניק! דיינע סטראָפן פאַרשיכּורן נישט, און איך וויל
נישט ניכטער זיין. צו ניכטער בין איך דערצו! צו ווייניק
לופטיקייט איז פאַראַן אין דיינע לידער — י. ראָלניק, מיין
פערזענלעכער גוטער־ברודער.

גע‌זאַנג הייסט דאָך ריטם, לופטיקייט, אַ פלינקער האַרץ־
ציטער, און דו, מיין געטלעך אומעכטיקער, אַלץ פאַרגראָענדער
יוד ראָלניק, ביסט נישט מוזיקאַליש, נישט אָפּערעטיש. דיינע
געזאַנגען האָבן קיין גוטן ריטם נישט. דיין לידער־לופט שטיקט,
איז שווער, און דיין ליטוויש האַרץ ציטערט אַזוי מעלאַנכאָליש־
לאַנגזאַם, אַז מיין אייגן פאַראומערט, אָפּערעטיש האַרץ הויבט
אָן לאַנגזאַמער שלאָגן און ס'ווילט זיך אַנטלויפן ערגעץ ווייט,
ווייט.

לאַנגזאַם־לאַנגווייליק, ווי די לעצטע טראָפּנס פון אַן אויס־
געטרוקנטן ברונען־עמער, וואָס הענגט אין לופטן (אין מיינעם
אַ ביכל) אָן יעדן ציל און צוועק, טריפן י. ראָלניקס ריין־פער־
זענלעכע טרערן; פאַלן אין דער נאַרישער אומענדלעכקייט אַריין
און גייען אויס אָן דראַמאַטישע וועלט־עפעקטן.

פאַרוואָס ביסטו אַזוי פאַראיינזאַמט — י. ראָלניק, מיין
חבר? וואָס פעלט דיר דען? האָסט זיך, כ'לעבן, געמעגט ער־
לויבן זיין אַ ביסל געזעליקער, קאָלעגיאַל־אָפּערעטישער, האַפּיז־
דיקער.

און זאָגן אייך, געערטער י. רייז, אַ סוד? מיר איז וואַ־
רעמער אינם קאַרגן שיין פון דעם פרעמדן און פאַרפרעמדענדן
מיר־גאַנץ־אומפאַרשטענדלעכן האַפּיז, ווי אין דער איבערפליסנ־
דער, קלוגער שניי־ליכטיקייט פון דעם היימישן און איבערדרי־
סיק־נאָענטן ראָלניק.

איך מיש די בלעטער און... עס שנייט אַלץ אין ראָלניקס
לידער. פאַרוואָס רעגנט נישט אַ ביסל אין דיין היימאַט, ראָל־
ניק? פאַרוואָס קנאַלט נישט אַ דונער און דערשלאָגט נישט עט־
לעכע פעלד־וואַנדערער? פאָרט פריילעכער!

ס'איז אמת: שניי־לאַנדשאַפטן זענען קלאַסיש־שטיל, ניר־
וואַנאַ־פאַרחלומט, דעקאָראַטיוו. אָבער נאָר פאַר מענטשן, וואָס

זענען קראַנק ביז נאָרמאַליטעט. איך בין געזונט און דעגענערירט, און מיין בלייך־אַריסטאָקראַטיש בלוט ווערט פון דיין שניי נישט געוואַרעמט, ראָלניק, מיין גרויסער דיכטער! איך זוך— דעם אָריענט און זיין פאַרביקע אויסגעלאַסנקייט.

גאַנץ אומעמפּינדלעך ביסטו, י. ראָלניק, — צו דיין מוטער־ערד, וועלכע איז אַזוי געשמאַק מיט זון־פּוטער־שטראַלן באַשמירט. אפילו די וואַרעמע גוט־שוועסטערלעכע שויסן האָבן דיר געגעבן בלויז צוויי לידלעך. נישט מער. צוויי לידלעך — באַ! אויבערפלעכלעכע נאַטורן מיינען, אַז ראָלניק אידעאַליזירט דאָס קליינע ליטווישע לעבן, אָבער טיפע באַאָבאַכטער ווייסן, אַז ראָלניקס אָרעמקייט איז נישט קיין לעבנס־אידיליע, נאָר אַ לעבנס־מאַסקאַראַד, נישט זיין פּראָגראַם־מאַקסימום, אינם לשון פונם סאָציאַליסטישן וואַנדאַלנטום, נאָר זיין פּראָגראַם־מינימום, נישט אַ רעכטער טויער צו זיין אייגענער העכסט־אינטערעסאַנטער פּערזענלעכקייט, נאָר אַ פאַנטאַסטיש־טירל צו דער גרויסער, באַנאַלער, אָפּגעשמאַקטער אומענדלעכקייט — אַ פראַזע, וואָס איז מיר אַליין אומפאַרשטענדלעך.

י. ראָלניק איז אויך אַ תּנא, אַ וועלט־חכם. וועלט־חכמה? צו וואָס דאַרף איך זי? און נישט ווילנדיק פרעג איך אַ ביסל מיט כּעס, צו וואָס רעדט מיין דיכטער אַזוינע טרויעריקע רייד, זאָגט שלעכטע בשורות; זעט אין גאָטס פּאַלאַצן נאָר טריבע טעג און נאַסע נעכט, ווייטער גאָרנישט. אַ פראַגע: און ווו זענען, אַ שטייגער, די רויט־גליענדע, הויך־לאַכנדע, מיידליש־פאַרפלאַמטע טעג פון גאָטס גרינער, דופטענדער ווייבלעכער ערד? י. ראָלניק, מיין חבר: דו גייסט אויף בלוטיק־פאַרבלאָטיקטע, זאַמדיקע, דאָרניקע וועגן, אָבער ווער הייסט דיר אַהין גיין? קום, מיין פריינד! טו אָן דיין קעניגלעכן שאַרלאַך־מאַנטל אויבעררָאָק און איך וועל דיך אין די וויינגערטנער פון לעבן פירן, און דו וועסט נישט מער איינגעבויגן גיין, און שילטנדיק גאָט פאַרשווייגן און זיינע מייסטערווערק.

אַך, ראָלניק, מיין גרעסטער דיכטער! עס רעגנט אין דרויסן. מיר איז שלעכט און אומעטיק. דיר אויך, מסתמא. דעריבער:

# אין אַ זונען־טאָג.

אויסגעלייטערט האָט זיך דער מליצה־הימל פון מיין נשמה. בלאָנדער, לילית־בלאָנדער זעט איצט אויס די אינטימלעכע קאסיא פון מיינע „ווילדע רויזן”. איך בלעטער ווידער י. ראָלניקס פרימיטיוו־געבונדענעם, זויבערן נאָך־ניט־גאַנץ צעשניטענעם און פון ברודיקע לעזער־הענט פאַרשוועכטן פאָליאַנט. (אַ גוט אויסלענדיש וואָרט. הא?) אַלמעכטיק־יידישער גאָט! ס'אַראַ רחבות, ס'אַראַ ברעגיקייט! ס'אַראַ פייערלעך בלענדענדע ווינטער־פייזאַזשן. ווי אַ ליכטיקער זילבער־שווערד גלאַנצט ראָלניקס עפּיגראַמאַטישע שאַרפקייט, זיין שטרענגע חכמה. זיין צנועהדיקע און דעריבער מער פאַרשייטע עראָטיק. און ווי ריינער שניי אויף דעם ברודיק־נאַקעטן פעלד — אַזוי פאַלט זיין נביאהשע טרייסט...

אַ גרויסער דיכטער ביסטו, י. ראָלניק, און אַזוי אייגנאַרטיקער פון מיר — ווען איך בין נישט אין בעסטן געזונט. אָריגינעלער פון זיך אַליין, מיין דופטנד־דאָרניקער, הייס־געליבטער דיכטער!

נישט נאָר דיכטער ביסטו, נאָר אַ פערזענלעכקייט אויך, און זיין פערזענלעך איז שווערער ווי שרייבן פערזן.

דער נישט־איבערטראָפענער דיכטער פון דער נישט־איבערטראָפענער טיף־יידישער פערזענלעכקייט — וועלכע איז טיף־גענוג, ווייסט גאָט!

נישט נאָר פון צייט צו צייט, נאָר שטענדיק און כסדר און אויסגעהאַלטן ביסטו י. ראָלניק. דו האַלטסט פון זיך זייער שטאַרק, און נישט פון זיי. גוט, אויסגעצייכנט. אַזוי דאַרף עס זיין. איך און דו — מיר ביידע — זענען גרעסער פון אייך אַלעמען. אַלע דאַפיר! ביסט אומאָנשטענדיק-פריוואַט און צנועהדיק־אינטים. קוק זיך אָבער צו נאָענטער, דו פעבלהאַפט וועלט־גאַלעריי־געזינדל, דו וועסט אין ראָלניקס גרויסע לידער אויך דיינע אייגענע האַלב אומאָנשטענדיקייטן דערקענען. און דיינע באַהאַלטענע פערטל־אינטימיטעטן. דען גרעסער פון דיר איז י. ראָלניק, און אויך פון מיר — וואָס איז גרייס געגוג, אָן צווייפל.

אָבער באַליידיקט זיך נישט, מיינע הערן און דאַמען! אַזוי טוען דאָך אַלע גרויסע דיכטער. זיי האָבן אייך גאָרנישט אין זינען — נאָר זיך, זיך אַליין. נאָר זינגענדיק פֿון זיך, זינגען זיי שוין במילא אויך פֿון אייך, קליינע, אומבאַדייטנדע פּוטער־ברויט־נאַטורן. ווילט איר דאָס גרויסע דיכטער־נביא־וואָרט הערן, גייט נישט צו סאָהידן, אויך נישט צו סאַקין, נאָר דירעקט צו האָפּיזן. דיטאַ י. ראָלניק. ער וועט אייך מיט זיין קאַלטער שנייאיקייט דערוואַרעמען, אייער בלוט דערפרישן. אייך שאַרפע געזאַנגען אין די אָדערן אַריינגיסן. אייער בירגער־בלוט וועט דערפון שיכור ווערן... אייער אָרמזעליקע נשמה וועט פון זיין קליינעם אומטעטאַטראַליש ווייזהייטליכטל אַ הייליקן אָפּשיין קריגן, און דער ווייַן פון אַלטער חכמה וועט אין אייערע בעכערס מליצהדיק אויפשוימען.

איך זינג: ווי טיף, ווי עלעגיש, ווי אומערשעפּלעך ביסטו, י. ראָלניק — מיין האפּיז! אַ קלוגער דיכטער ביסטו, י. האפּיז, מיין ראָלניק, און אַ טיפער דענקער, נישט דער טיפסטער פון אַלע נישט־געוועזענע דענקער. — יענע זענען נישט טיף, ווייל זיי זענען נ י ש ט. דו ביסט — ביסטו קלוג. מיין לאָרבער־קראַנץ דיר, י. ראָלניק!

ס'איז גוט, וואָס דו גייסט אויף זאַמדיקע וועגן! ווען דו וואָלסט נישט געגאַנגען אויף זאַמדיקע וועגן, וואָלט אויך געווען גוט. דער וועג איז דיינער — נישט מיינער. איך וויל מיט דיר נישט מיטגיין. איך האָב נישט קיין צייט. אָבער דו אַליין, דו פּערזענלעכער, וועסט זיכער אויף דיינע גראָע וועגן צום העכסטן דערגיין, צו די אינזלען פון זעליקייט, און האָסטו זיך אַ קליין־ביסל איינגעבויגן צוליב עפעקט — מאַכט עס אויך נישט אויס. איינגעבויגענערהייט גייט זיך זיכערער, פּאַראַדאָקסאַלישער.

# מנחם

א רינג אין דער קייט.
„ליטעראַרישער פאַרלאַג".

צו מיין טייערן יששכר שרייב איך די פאָלגענדע קריטיק אויף מנחמס לידער.

ליבער יששכר! ערשט נעכטן ביינאַכט האָב איך מיט דעם פיינעם יונגנמאַן מנחם פאַרבראַכט אויף אַ באַנקעט. מנחם איז אַ גאַנץ לייטישער מענטש — אויפן אויסזען. זיין היטל איז ווייך, דיטאָ זיין כאַראַקטער. אַז ער רעדט — זינגט ער, און אַז ער זינגט — וויינט ער. ער איז זייער אַ סימפּאַטיש מענטשל — אַ שטילס. און ווערט ער אַמאָל ווולקאַניש, שפּייט ער מיט וואַטע. פון וואַנען? — פון וואַרשע, אָ, פון וואַרשע?! — יאָ. פון וואַרשע! — אויב אַזוי קענסטו דאָך אים? — יאָ, אויב אַזוי קענסטו אים! — דערזעלבער מנחם — נישט געענדערט זיך אויף אַ האָר! וואָס דערציילט ער עפּעס פון דערהיים? אָ, יששכר, וועגן דעם וויל איך טאַקע מיט דיר אַ שמועס טון.

ליבער יששכר! ווי דו ווייסט, בין איך אויך געבוירן געוואָרן — נישט אין וואַרשע, נאָר ערגעץ אַנדערש; וואָס מאַכט עס אויס?! אַ מענטש מוז דאָך ווי־עס־איז געבוירן ווערן! פונדעסטוועגן, יששכר, זאָג דעם אמת: האָב איך, אַריבערפאָרנדיק קיין אַמעריקע, אַריבערגעבראַכט מיט זיך מיין „היים"? ניין, איך האָב זי געלאָזט אין דערהיים. פאַר וואָס־זשע האָט מנחם נישט געטון דאָסזעלבע? וואָרום האָט ער נישט איבערגעלאָזט וואַרשע אין וואַרשע? און פוילן אין — פוילן? און וואָרום שלעפּט ער זיך אַרום מיטן פּוילישן וואַרשע אין אַלע

צייטשריפטן? מערק זיך, יששכר, איך האָב גאָרנישט צו פוילן, איך בין אַליין אויך מער־ווייניקער פאַרליבט אין די פוילישע פּאַניענקעס, אין די פוילישע וועלדער, אין די פוילישע פאַרשיידענע דינגע און אין דער פוילישער צעקראָכנקייט, וואָס מען רופט דאָס אָן ליריק, אָבער סע מוז דאָך זיין אַ גרענעץ צו פוילישע ווייכקייט, צי ניין?

טייערער יששכר! מנחם איז ווייך. מנחם איז צאַרט. מנחם איז דעליקאַט. מנחם איז סימבאָליש. מנחם איז מאָנאָגראַמיש. מנחם, זאָגט מען, האָט אַן אויג — ער האָט צוויי אויגן פאַר פאַרשיידענע דינגע. מנחם, זאָגט מען, האָט אַן אויער — ער האָט צוויי אויערן פאַר געוויסע זאַכן. מנחם, זאָגט מען, האָט אַ פּען — אַ גוטע וואָטערמאַן פּען. אפשר האָט ער נאָך איינע? ווער ווייסט אים! אָבער ווי זאָגט ערגעץ דער תּנא: לא על הליריק לבד יחיה, טוט לעבן, האדם, דער זינדיקער מענטש, ולא, און אויך נישט, על הדעליקאַטקייט טוט לעבן דער מענטש! ולא, און אויך נישט, על הוואָרהאַפּטיקייט, לויבגאָטיקייט, לייטזעליקייט און שרה־בת־טובימדיקייט, יחיה, טוט מאַכן אַ לעבן דער בן אדם מיטן נאָמען מענטשנזאָן. און אפילו אַז סע חלומט זיך אין דער פינסטערניש איר קלאָגעדיק געזיכט (בלעטל 9), איז דאָס נאָך אויך קיין תּירוץ נישט, למאַי איך אָרעמער, בידנער, ניעסטשאַסטנער, אומגליקלעכער מענטש זאָל זיך דאַרפן בלענדן די אויגן אויף צו לעזן אַזאַ מין ברייטיקייט און אַזאַ מין — שטראָף מיך גאָט דערפאַר! — ליריקייט.

יששכר! איך שטעל דיר אַזאַ מין פּראָבלעם: זענען פערפּלקליינע, נישט־אַנטוויקלטע ליליפּוטישע לאָקשן, אָדער זענען לאָקשן הויך־געוואַקסענע, קאָלאָסאַלע פערפּל? מיט אַנדערע ווערטער: צו וואָס באַגיין אַזעלכע ברייטע, איך־וועל־איך־נישט־לאָזן־כאַפּן־דעם־אָטעמדיקע לידער, ווען שמאָלערע לידעלעך זענען אויך נישט שלעכט — אויב זיי זענען נישט שלעכט? מנחמס לידער, ליבער יששכר, דאַרפן געלעזן ווערן נישט פון איין מענטשן, נאָר פון אַ גאַנצן ק אָ מ י ט ע ט. און דער דאָזיקער קאָמיטעט דאַרף אָנשטענדיק באַלוינט ווערן פאַר זיין מי.

מנחמס אַ ליד — אויב מען האָט נישט קיין ספּעציעלן קאָמי־טעט, וואָס זאָל עס לעזן, מוז צעשפּאָלטן ווערן, לכל הפּחות אויף העלפט. ס'עט גאָרנישט פאַרלירן דערפון. אדרבא. למשל: מיר מאַכן אַ קנייטש אויף, לאָמיר זאָגן, בלעטל 48. מיר שפּאַלטן ס'ליד אַקוראַט אויף העלפט און ס'לעזט זיך גאַנץ געשמאַק, לכל הדעות נישט ערגער ווי פריער. אָט איז עס: „אין בלי־ציקן אָוונט, די פענסטער פאַרהאָנגען, געדאַכט סטרונעס ציטערן. ציטערן פינגער, און בלייך ס'פּנים, אין שאָטן פון בוימער. ער וועט אַזוי בלייבן, דער פאַרהאַנג פאַרהאָנגען, און שטיל מיטן טאָג וועסטו אים שוין וועלן" א. אַ. וו.

גאַטירלעך, איז דאָס נישט זייער קלאָר, דערפאַר איז דאָס אָבער זייער צאַרט, זייער סימבאָליש. זייער תּפלהדיק — האַ? זאָגסט עפּעס, יששכר?

איך זאָל רעדן וועגן מנחמס תּפלה־לידער? נו־גוט! אָט רעד איך: מנחם איז דער מאָדערנער שרה־בת־טובימס אמתער גאָטספּורכטיקייט. אַז מנחם גיט אַ דאַוון אָפּ אַ לידל, איז דאָס עכט פּיטום־הקטורתדיק! פול מיט הדק־היטביזם. און זיין (ווייך) קול איז גוט צו די בשמים. אַמאָל ווערט ער גאָר גאָלדפאַדנדיק און ער זינגט: „אַז מ'בלייבט אַמאָל זיצן אַליין, אין דער נאַכט פאַרן שפּיגל צו לאַנג, קאָן מען אָפּט פאַרן שפּיגל דערזען אַלץ, וואָס קומט נאָר אַריין אין געדאַנק". אָדער „ציטערסטו? צאַפּלסטו? צאַפּל און ציטער!" וואָס קערט ער? מנחם קערט נישט — ער איז ליריש. ער איז אַ ביסל לירישער, ער איז ליריש אָן ברע־גיקייט. פון זיין יעדן ליד טוט טריפן מילך און האָניקדיקייט.

ווען דער רבש"ע זאָל געוועזן וויסן אפריער, אַז עס וועט זיין אַ מנחם, וואָלט ער געוועזן צוגעזאָגט דעם פאָלק ישראל זיי „אויסצוציען" פון מצרים און זיי ברענגען אין דעם לאַנד, ווו עס רינט מנחמס פּאָעזיע.

צום שלוס וויל איך דיר שרייבן, ליבער יששכר, אַז מנחם האָט אויך עטלעכע העכסט־וווּנדערבאַרע לידער: „שלמה", „פוילן" און אַנדערע. איך אַליין האָב זיי נישט געלעזן — איך בין שוין היינט נישט אַזאַ בעל־כּח, ווי איך פלעג זיין אַמאָל,

ישׂשכר! — נאָר חברים זאָגן מיר, אַז זיי זענען גוט. מנחם אַליין גאַראַנטירט זיי אויף אַנדערהאַלבן יאָר. נאָך דער דאָזיקער צייט קאָן זיי דער לעזער צוריקברענגען צו דר. פּארענבערג, אינאיינעם מיט אַ האַלבן דאָלאַר, וועט ער ענטוועדער קריגן מיינע „ווילדע רויזן״ אָדער מ׳עט ביי אים גלאַט אַזוי צונעמען די 50 סענט. איך אַליין זאָג גאָרנישט. למאי זיך איינרייסן מיט דער וועלט? איך האָב שוין היינט סאַי ווי נישט אַזוי פּי, פריינט, ליבער ישׂשכר, וויפל כ׳האָב געהאַט איידער כ׳האָב אָנגעהויבן שרייבן מיינע קריטיקן! איך וויל דיר בלויז זאָגן, אַז מנחמס לידער זענען אַבסאָלוט וועטערלאָז. אַחוץ אַמאָל דאָרט אַ קליין ווינטל, אָדער אַ שפּריי־רעגענדל. ווי אַזוי אַ מענטש קאָן פון אַזאַ קנאַפּן וועטער שעפּן אַזעלכע ברייטע לידער — ווייס איך נישט!

פון מיר, דיין פריינט,

מ. ש.

# הערצאָג ד'אַברוצי

„זיגזאַגן", פאַרלאַג „עכאָ".

ד'אַברוציס בוך איז אַ פרום, הייליק, רעליגיעז שטיקל אפּיקורסות. עס איז אַ בוך, וואָס גיט אייך דעם נויטיקן רוקנציטער, דעם קאַלטן קיצל איבערן האַרץ מיט אַ שאַרף מעסער, וואָס שנײַדט נישט, נאָר עס שרעקט־אָפּ. עס איז אַ סטיליזירטע וואַלד־שרפה, וואָס פלאַקערט לויט סטיליזירטע מוסטערן פון שײַנבערנעריי, עס איז די גאַלאָפּירנדע פאַרצווייפלונג, וואָס איז שטיין געבליבן אין אַ קלאָר, דורכזיכטיק וואַסער, כדי זיך צו באָדן די קלאָרע פיס און זיך אָנשפּיגלען. עס איז מענטש, מענטשלעכעס, מענטשלעכקייט, מענטשהייט. עס איז דער טראַגיזם פונם לעבן מיט אַן *אויסערגעוויינלעך* פײַנער פונקטואַציע. עס איז דער טרויער, דאָס לעבן, דאָס אָפּשטאַרבן, דאָס פאַרגאַנגען־זיין, וואָס רייסט זיך אַרויס פון יעדער גוט־געבויטער שורה, ווי אַ שטיקל גראָז פון הינטער אַ מצבה — אַזוי פול מיט באַדייטונג, און אַזוי גאָרנישטמיינענדיק, עס איז די מילדקייט פון פייערשפייענדיקן באַרג, וואָס האָט זיך אויסגעשפּיגן און איז אַנטשלאָפן געוואָרן און שמייכלט פון שלאָף.

ד'אַברוציס זיגזאַגן זענען אַזוי שטאַרק אָנגעפולט מיט לייכטקייט, אַז זיי וועגן אפשר זיבן מיליאָן פונט. דער גוטער, אַלץ פאַרגעבנדער ד'אברוצי שמייכלט מיט אַ קלוגן, קינדערשן שמייכל. אָבער *הינטער* יעדן דינעם שמייכל וויינען געפּאַנ-

גען ניין הונדערט לעמפּערטן, זעכציק פֿאַרוווּנדעטע לייבן, ניין מיליאָן טויבן. ד׳אַבּרוצי מיטן מאַנטל איבערגעוואָרפֿן איבער די אַקסלען גייט אַרום אַ צעחלומטער איבער די ברייטע, ליידיקע שפּאַצירגערטנער פֿונם לעבן און וואַרפֿט שמייכלען — רעכטס און לינקס, נאָר אַז מ׳קוקט זיך גוט צו, זעט מען, אַז דאָס זענען נישט קיין שמייכלען, נאָר שלענג, גראַציעזע, בונטע שלענג, וואָס האָבן יאָרנלאַנג אויף זייער אייגענעם סם געלעבט — אָ, ד׳אַבּרוצי מיינער, ווי מליצהדיק מיר קענען שרייבן!

לייענט איר ד׳אַבּרוצים זיגזאַגן, לערנט איר פֿון זיי אַזוי ווייניק ווי פֿון אַ וועלטאונטערגאַנג. אָבער ווײניקער ווערט איר דערפֿון און גרינגער און רויקער.

ד׳אַבּרוצי האָט זיך אַליין אויסגעקליבן אַלס אַמבאַסאַדאָר צו דער ווייטסטער געגנט פֿון זיין הערשענדער נשמה. און דאָרטן פֿאַרטרעט ער די אינטערעסן פֿון — ד׳אַבּרוצין. אָבער ד׳אַבּרוצי האָט נישט ליב ד׳אַבּרוצין דערפֿאַר, וואָס ער האָט אים אַזוי פֿלעבעיִש ליב, אַזוי מענטשלדיק, אַזוי קליין. אינטריגירט ער קעגן זיך אַליין. רייצט אויף זיך אָן אַלערליי בייזע, אויפגערעגטע אַפּאָריזמען, זיי זאָלן אים נאָכלויפֿן און ערגערן אים און — זיך אַליין.

מיט ד׳אַבּרוצין (הערצאָג) פֿאָרט איר נישט אויף אַ פּובליציסטישן רייטוואָגן, אָדער אויף אַ זשורנאַליסטישן לאַסט־פֿערד, אָדער אויף אַ בעלעטריסטישן אויטאָמאָביל. ד׳אַבּרוצים עקסקורסיעס פֿירן אייך אויף לופֿ־די־לופֿ מיט אַ שנעלקייט פֿון 116 מייל אַ מינוט. עס דערהויבט אייך. עס וואַרפֿט אייך. עס שניידט אייך אָפּ דעם אָטעם. עס שרעקט אייך. ווען עס זאָל געדויערן נאָך אַ רגע, וואָלט איר אפשר נישט אויסגעהאַלטן. אָבער ד׳אַבּרוצי צעטרייסלט אייך און וואַרפֿט אייך אַרויס אַזוי פֿלינק, אַז איר האָט נישט קיין צייט צו — חלשן, אָדער צו שרייען גוואַלד, אָדער זאָגן, אַז איר ווילט וויסן וווּהין ער פֿאָרט און צו וואָס?

ד׳אַבּרוצי זאָגט אומגעפֿער:

דאָס וואָס איז געשעעניש פֿאַר מיר, וועט רירן אייך אַנדערע. יענע, וואָס באַוועגן זיך צוזאַמען מיט מיר אין דער

זעלבער שטיקנדיקער, סענטימענטאַל־טרויעריקער, געקינצלטער זעלן־אַטמאָספער. אויף אַנדערע מענטשן שפּעקוליר איך נישט. זאָלן זיי זוכן בעסערע, געזונטערע באַקאַנטשאַפטן.

ד׳אַבּרוצי זוכט נישט מיט זיין שרייבן צו געפעלן דעם לעזער. נאָר פונקט ווי א י ך, זוכט ער אים צו ערגערן, אים אויפצורעגן. דאָס איז אפשר נישט אַזאַ גרויסע מעלה אין אַנ ד ע ר ע ליטעראַטורן. אָבער ביי אונז אין דער יידישער גאַס, וווּ מ׳לעקט דעם עזער די קנאַפּל אַזוי געמיין, וווּ מ׳רויכערט צו אים ווייַרויך, און מען ערקלערט זיך אים דריי מאָל אַ טאָג אין ליבע, איז אַ דערקוויקונג צו זען אַזוינע מענטשן ווי איך, אָדער ד׳אַבּרוצי, וואָס אונזער שרייבן איז אַזוי ווונדערבאַר־נישט־קלאָר, און אַ סך געלערנטע בוכהאַלטערס ווייסן נישט, וואָס מיר ווילן.

ד׳אַבּרוצי פּעליעטאָניזירט וועגן אַלצדינג און גאָרנישט, אָדער וועגן גאָרנישט אין דער פאָרם פון אַלצדינג. ער רעדט וועגן לימבורגער קעז און וואַרבורגער פילאָזאָף. ער ברוגזט זיך כלומרשט אויף דעם ליבן דר. זשיטלאָווסקי און טיילט אויס שטיקלעך האָניק־טאָרט צו עוזיאל פליישמאַן, מ. באסין און חכם־עתיק. זיין וועג, זיין פּאָזיציע איז דאָס ב ל אָ נ ד ז ש ע ן, דאָס אַרונטערגיין פון וועג דאָס אַנטלויפן פון נאַרישע קאָנווענציען, פון וועלכע מען ק אָ ן נישט אַנטלויפן. ד׳אַבּרוצי ווייסט, אַז טריוויאַ. זענען נישט נאָר קליינע זאַכן, נאָר אויך די ג ר ו י ס ע, ד י ג ר ע ס ט ע. אַפאָריזמיצירט ער און וואַרפט אין שמעלצטאָפּ פון זיין ברענענדיקן, רויטן טינטנפעסל, אַלערליי שטיקער בלאָטע, קרעלן, גלאָז, מעש, אייזן, בלעך. אונטער שווער פאַרהאָנגענע פענסטער זיצט דער געלאַנגווייליקטער אַלכעמיסט און מישט, ביז וואַנעט עס ווערט גאָלד. און סע ב.יצט מיט דעם פיינעם גלאַנץ פון געש.יפענער רעטאָריק, פון פּאָעזיע, פון לירישער קלויסטערלעכקייט. „פונקט אַזוי גוט ווי גאָלד״ — טראַכט ער. ווייל גאָ׳ד אַליין איז אויך פ אַ ל ש.

ד׳אַבּרוצי נעמט נישט ערנסט קיינעם — אַחוץ זיך אַליין.

דאָס איז זייער מענטשלעך פון זיין זייט. ד׳אַברוצי באַדויערט וואָס דאָס דייטשע פאָלק איז נישט געפאַלן צו די פיס דעם קייזער און אָפּגעבעטן, ער זאָל נישט ברענגען דעם וועלט־אומגליק. דאָס איז נישט פייערלעך, זאָגט ד׳אַברוצי, אָבער אין אַ פייערלעך־היסטאָרישן מאָמענט מעג מען זיין נישט־פייערלעך.

דער געפערלעכער כלומרשט־שטרענגער ד׳אַברוצי האָט אַ האַרץ, גלויבט מיר, וואָס איז פונקט אַזוי איידל געבויט ווי אייער און נאָך אַ סך א י י ד ע ל ע ר. ער זאָגט:

אַ נייע צייט — טו פאַרוואָס דערציילן מיר אַלטע אַנעקדאָטן, שטופן זיך, לאַכן פערדיש, זידלען אָוונט־צייט די מידע פרוי, פאַרוואָס זי האָט פאַרקאָכט געניצטע טיי און פאַרוואָרפן אונזערע זאַכן... און לויפן היסטעריש אַרום איבער דער וועלט, ווי די אומגליקלעכע ווייסע מייזלעך אינם בראָנסקער זאָאָלאָגישן גאָרטן?

און אויף בלעטל 60 וועגן די פּאָגראָמירטע יידישע פרויען:

די געשענדטע יידישע מיידלעך און פרויען זענען אָדער אומגליקלעכע, אָדער מאַרטירערינס. אָנגעבויגן דעם קאָפּ אין טרויער און פאַרמאַכט דאָס מויל. אין צוים געהאַלטן די אומרויקע פאַנטאַזיע. נישט געדענקען. נישט דערציילן. נאָר פ אַ ר ג ע ס ן.

ד׳אַברוצי באַשרייבט ז י ך. און דעריבער א י י ך, דער וואָס באַשרייבט א י י ך — דורך ק י י נ ע ם נישט, דער באַשרייבט קיינעם נישט, ד ו ר ך אייך. דאָס איז אַן אַפּאָריזם, וואָס מיינט אַ סך, אָדער גאָרנישט. עס איז נישט וויכטיק! וויכטיק איז נאָר אַז, — צו וואָס די גרויסע וויכטיקייט פון עפּעס, וואָס איז בלויז אַ חלום?... „פון אַ חלום צו אַ ח׳ום און דאָס לעבן איז— די בריק”. און די וויכטיקייט פונם געדרוקטן וואָרט זע בלעטל 74 פון די זיגזאַגן:

אַמאָל האָט געקיניגט דאָס ה י י ל י ק ע וואָרט, היינט — דאָס וואָרט. אַמאָל — דער גוטער ייד. איצט — דער גוטער... שרייבער...

און אויף בלעטל 78, מיט פֿאַרלייגטע הענט אויפֿן האַרץ, און מיט געבויגענע קניען:

ביסטו נישט בייז און נישט מוחל. יאָ — אַש און שטויב און אַ צעבראָכן געפּעס. אָבער ס׳טרעפֿט אַמאָל, אַז פֿון דער צעבראָכענער כּלי ווערט אַ ריינע כּלי — און זי פֿילט זיך אָן מיט ווײַלשמעקעדיקן, הימלישן אויל און אינם גרויען, שטויביקן, קאַלטיקן אַש פֿאַרגלוסט זיך אַמאָל דער שכינה זיך צו באַזעצן אויף אַ ווײַלע.

און שפּעטער, ווען ער לאַכט וועגן דעם, וואָס באַראַנאָוו וויל נישט זײַן קיין טרוימער אויף די עלטערע יאָרן:

מ ו ז ט, ברודערל! — זאָגט ד׳אַברוצי. — אַזאַ געזעץ. העגעלס טריאַדע. פֿון חלום צו חלום גייט דער לעבנסוועג איבער די טרויעריקע, פֿאַריתומטע פֿעלדער פֿון ווירקלעכקייט?

און שפּעטער, אויף בלעטל 104, ווען ער רעדט וועגן איינעם, וואָס איז פֿאַראורטיילט צום טויט, ווײַל ער האָט פֿאַרגוואַלטיקט אַ מיידל:

אָבער, גאָט מײַנער, זענען מיר דען בעסער פֿון אים? צו וואָס רעדן אַבסטראַקט? נו, און דו? און י ע נ ע ר? און א י ך? ווער האָט׳ס נישט פֿאַרגוואַלטיקט אין לעבן קליינע און גרויסע מיידלעך? אָדער — אין געדאַנקען?

איך וואָלט מיר אָנגעטון אַ כּח און געזאָגט „ד׳אַברוצי׳ס זיגזאַגן זענען אַ מין סאָרט וידוי”, ווען די ליטעראַרישע וידוים זאָלן נישט זײַן אַ שווינדל, אַ ליגן. די מייסטע פֿון זיי זענען בלויז אַ מיטל זיך איינצושאַפֿן נײַעם מאַטעריאַל פֿאַר אַ שוידערהאַפֿטער וידוי. ד׳אַברוצי זעט ד ו ר ך זיך. ער לאָזט קיינמאָל נישט אַראָפּ פֿון זיך דאָס קריטישע אויג און פּײַניקט זיך — מיט שטעכיקע שמייכלען. פֿון זײַנע אייגענע שוואַכקייטן, זײַנע זינד, מאַכט ער בייטשן, מיט וועלכע ער שלאָגט זיך און מיט זיך שלאָגט ער — אייך, די שוואַכע, די ריזיקע, די אומבאַהאָלפּענע, די לעמפּערטן, די פֿליגן, די אומשטערבלעכע, יעדער־מינוט־שטאַרבנדיקע.

די זיגזאַגן זענען אַ מוסטער פֿון גוטן יידיש און איך

רעקאָמענדיר די „קאָמיסיע פאַר אויסבעסערונג פון יידישער
אָרטאָגראַפיע״ צו לייענען דאָס בוך רעליגיעז און אויף אויסנ־
וועניק — מיט קליינע אויסנאַמען, ווי די פאָלגנדע: „קינדער
אָנמעכטיקע פאַרצייט מען (24). אָדער אָפּפער (מיט אַ פּפּעי).
און דזשענטעלמאַן (אָנשטאָט זשענטעלמאַן), אָדער ג ר יי . י ך
(20) און ניט (אָנשטאָט נ י ש ט), פערדערבן (אָנשטאָט פאַר־
דאַרבן). אָדער אַזאַ אומעגלעכע זאַך־אַרכיטעקטור, ווי (16־17):
גאטהאלד אפרים לעסינג איז אַן אויטאָריטעט נישט קיין ק׳ע־
נערער פון הערבערט ספּענסער, קאַרל מאַרקס, דר. שלמה רובין
און טשאַרלס דאַרווין, וועלכער האָט, כּידוע, געטראָפן, נאָך ווי
געטראָפן, נאָך ווי געטראָפן, אויב מען זאָל גלויבן דעם אין
וויסנשאַפט, יידן־אַסימילאַציע און פרייען־געדאַנק־פאַרליבטן ב.
פייגענבוים.

דערפאַר זענען אָבער פאַראַן אין די זיגזאַגן אַ מאַסע
זייער פיינע זאַצן, לייכטע און שלאַנקע און אויסטערלישע. ס׳רוב
פון אָט־די זאַצן זענען פון יענעם סאָרט שענהייטן, וואָס בעת
זיי פּוצן דעם אויוון, טראָגן זיי ווייסע האַנטשיך — אָרעם אָבער
ריין. דערשלאָגן, אָבער אָנגעטון אין אַ נייעם הוט מיט פעדערן.
מעלאַנכאָליש, אָבער זייער פאָרזיכטיק מיט דער גראַמאַטיק!

# מאני לייב

לידער, באלאדן, סלאווישע מאָטיוון.
דריי ביכער. פארלאַג „אינזל".

. . . פונדעסטוועגן ראַטן מיר אונזערע לעזער צו קויפן מאַני לייבס דריי ביכער!

דעם דאָזיקן צו־רוף זיינט איר געוווינט צו לייענען אויפן סוף פון יעדער קריטיק. עס איז די מאָדע ביי אונזערע ווייך־נשמהדיקע, וויינענדיקע שרייב־שוועסטער זיך צו וויגן אַהין און אַהער. זיי מונקלען, רעדן אַריין דורך אַ דאַך־פענס־טערל, און שרייען אין אַרבל אַריין, אַז — סע טויג נישט, נאָר דערנאָכדעם איז מען זיך מיישב: וואָס טו איך? איך מאַך דאָך מיך אומגליקלעך! און ווו איז מיין געפיל פון סאָלי־דאַריטעט? און וואָס וועט די אַמאַלגאַ פון אַלע שרייבער־יוניאָנס זאָגן דערצו? און וואָס בין איך מחויב מיר צו מאַכן אַזוי פיל שונאים? עפּעס איז מען דאָך יידן, צום גוטן יאָר, צי ניין? עפּעס האָט מען דאָך אַ מענטשלעך האַרץ, און פאַרבינדונגען, און רחמנות, און ליבשאַפט, און שרעק, און נישט־זיכערקייט. היינט וואָס טוט מען?

טראַכט דער שווערטראַכטנדיקער קריטיקער און טראַכט, און גייט איבער מיט דער פעדער די וויטריאָלישע שטעלן פון זיינע אַרטיקלען, מאַכט זיי אַ ביסל טעמפּער, ווייכער, מומעדי־קער, שוואַכער. דערנאָכדעם שטעלט ער אַוועק דעם פיל־באַ־קאַנטן שלוס־פאַראַגראַף:

„פֿונדעסטוועגן ראַטן מיר“ — און אַזוי ווייטער.

היט איך אָפּ די מאָראַלישע פּונקטיליאָ פֿון אונזער ליטעראַרישן פֿאַך און כ׳בעט אויפֿריכטיק ביי אַלע מיינע פּערזענלעכע פֿריינט און באַקאַנטע, זיי זאָלן קויפֿן מאַני לייבס דריי ביכער. איך ווייס נישט, וויפֿיל די דריי ביכער קאָסטן. ס׳איז נישט אָנגעגעבן. אָבער איך ראַט אייך, איר זאָלט זיי קויפֿן. פּונקט ווי איך ראַט אייך, איר זאָלט קויפֿן מיין אייגן אומאָנשטענדיק, שוואַכגעשריבן ביכל „ווילדע רויזן“. און גלויבט מיר, אַז וואָס שייך מיין אייגן ביכל, האָב איך גענוג אורזאַכן צו וועלן, איר זאָלט עס לייענען. מאָלט אייך, אַז פֿון יעדן פֿופֿציק סענט, וואָס איר צאָלט פֿאַר מיין קליינעם, קליינלעך־וואולגאַרן, מעלאַנכאָליש־פּיקאַנטן בוך, באַקום איך גיינצנטהאַלבן סענט. פֿאַר יעדע גיינצנטהאַלבן (18 און אַ האַלבן) סענט, וואָס איך באַקום, קויף איך מיר — — — וואָס מאַכט עס אויס וואָס? גענוג איז צו זאָגן, אַז ווי ליב און ליריש מאַני לייב זאָל נישט זיין — וועט אים, לאָמיר זאָגן, נישט שאַטן, אַז איר וועט קויפֿן זיינע (גאַנץ ווילע) דריי ביכער.

* *

*

און איצט האָט דער מאָר זיין פֿליכט געטון, מיט דעם בויטיקן ביסל פּאָליטיק, עטיק, פֿאַכפֿיינקייט. איך פֿאַרנויג מיך דאַרום גאַנץ עלעגאַנט, דריק מאַני לייבס דינע, מיידלשע האַנט און איך טרעט־צו צו מיין נישט־איידעלער — גלויבט, מיר! — האַרצרייסנדיקער אַרבעט פֿון אַרונטערשײַבן פֿון אַ פּעדעסטאַל אַ חבר, אַ פֿריינט, אַ גוטן ברודער.

מאַני לייב — שאַ, עס איז נויטיק, דאַכט זיך מיר, נאָך אַ שטיקל פֿאָר־שרייב, און זאָל עס קומען מאַלאַפּראָפּאָ (אַ שיין וואָרט!): מאַני לייב איז נישט קיין שלעכטער דיכטער — אפֿשר אַ גוטער דיכטער, מעגלעך — אַן אויסגעצייכנטער דיכטער. אפֿשר ביז אַ העלפֿט אומשטערבלעך (פֿון אויבן אַראָפּ?). אָבער נישט דערשראָקן און מערדעריש זאָל פֿונדעסטוועגן בליצן מיין שאַרפֿע שרייב־שווערד איבער די קעפּ פֿון יענער חברה, וואָס באַ־

האַלט זיך הינטער די מיידלשע, לייכטע קליידער פון מאַני־לייבן.

איך זאָג — דורך אַ מעשענעם צי־טרומייטער, וואָס גלאַנצט אין דער זון ווי עפּעס רעכטס: נישט מאַני לייב איז שלעכט. נאָר דער מ אַ נ י ל יי ב י ז ם. פאַרשטייט איר; מיינע יונגע הערן? אָט, קינדערלעך, זעצט זיך אַוועק אַרום מיר, איך וועל אייך דערציילן אַ מעשה, כמעט אַ מין באַלאַדע פון מאַני לייב, נאָר אַ ביסל — שוואַכער און קליגער: אַמאָל איז געווען אַ קעניג, אַן אָפּגעצוואָגענער, נאָר אַ ביסל אַ צעטראָגענער. פלעגט ער זאָגן אַ גערזאָגענער (ווייל ער איז געווען אַן אָפּגעצוואָגענער, אַ צעטראָגענער): ברידער, מ׳דאַרף נישט קיין העמד אויפן לייב. און ער איז אַרומגעגאַנגען מיט גרויס נאַקעטקייט. אָבער ס׳האָט אים געפּאַסט. ווייל אַ קעניג מוז זיין אַ ביסל קאַפּריזנע און — נאַקעט. אָבער אַזוי גיך ווי אָרעמעלייט, קלויז־בחורים, לופט־שלינגער, שלעפּער, וועלכע האָבן ב ט ב ע נישט געהאַט קיין העמד אויפן לייב, זענען געוואָרן גענוואָר, אַז דער אָנהעמדיזם איז פּראָקלאַמירט געוואָרן פון זיין מאַיעסטעט דעם קעניג אַליין, זענען זיי געקומען צופליען און געשריגן: מיר זענען אויך שטיקלעך קעניגן — מיר גייען אויך אָן העמדער.

מאַני לייבס נישטקענעריי האָט אַ געוויסן חן. איז געזאַנגיק, אָפּט קלוג־ליבלעך־פאַרפלאַמט, אַ ביסל קראַנקלעך, אַ ביסל יונגפרויענדיק, אַ ביסל אָנשטעלעריש — אָבער עס רירט־זיך דערין אַ יונגע סטרונע, אָנגעשפּאַנט אויף אַ פידל, וואָס מ׳מאַכט אים ע ר ש ט, אָבער אָריגינעלעריש, קונציק, און אָפּט מיט אַ סך ליכטיקייט, וואָס פלייצט אַריין דורך אַ פאַרשטויבט פענסטער, און אַ לייַדיקער שטוב, ווו קראָליקעס גייען אַרום און עסן דימענטענע לעמעשקע פון בורשטינענע שיסלען. מאַני לייבס ווייסער ווערטער־שניי פאַלט און פאַלט, פונקט ווי גאָטס שניי־אַליין, אָן אַ ציל, אָן אַ ווילן, אָן ליידנשאַפט. עס איז שניי־מיט־אַ־זון. אָ, ווען מיין פריינט האַלפערן זאָל דערלאַנגען דאָס ביסל שטורם! אָבער שטורם איז כח, און כח איז בלוט, און בלוט איז לעבן, און לעבן איז — ווולגאַר, פאַרפלאָנטערט, נישט־עס־

טעטיש, און טיף, און — שרעקלעך, פֿאַר דעם וואָס קאָן זען! — ווער ס'איז געבענטשט מיט בלינדקייט, קאָן נאָכגיין נאָך זיין אייגענער לויה און שפּילן אויף אַ האַרמאָניקל, אָדער קלימפּערן אויף אַ פֿידעלע.

מאַני לייב איז געהויכט און געהויבן געוואָרן פֿון די — עס איז מיר נישט גוט פֿון דעם וואָרט! — יונגע יונגעלייט, וואָס יונגלען־אונטער מיט פֿרייע פֿערזן. מאַני לייב דער אַפּאָסטאָל פֿון גאָרנישטזאָגן, איז געוואָרן דער דע־קאַלב־עוועניו שבתי־צבי פֿון אַלע, וואָס האָבן נישט וואָס צו זאָגן. פֿון אַלע עקן וועלט האָבן זיך גענומען ציען די אָנהעמדיסטן, און שרייען: עס לעבע דער נביא אָנהעמדיגוס! די היסטאָריע דערציי.ט: דאָס איז געווען אין יאָר — — 19. קעניג מאַני לייב האָט נאָר וואָס געהאַט פּראָקלאַמירט, אַז אַ ליד דאַרף זיין געמאַכט לויט פֿאָלגענדן זייער־גרינגן רעצעפּט:

„מיד בין איך, בלייך בין איך,
נו בין איך מיד, בין איך בלייך.
אָדער:
נישט גוט, נישט גוט, נו גוט, אַ גוטע נאַכט.
אָדער:
און מיינע קינדער וויינען, וויינען מיינע קליינע קינדער.
אָדער:
איצטער ברענען רויטער, רויטער, מיינע רויטע רויזן.
אָדער:
אין די ימען, אָקעאַנען, אין די נעבלען, די טומאַנען.
אָדער:
נעמען פֿילע פֿורן פֿאָרן — — —

(דערמאָנט אַ ביסל אין דער שפּראַך־גימנאַסטיק פֿון אַ „שי סעלס, סי־שעלס עט די סי־שעל שאָר". אָדער „פֿון אַלעסק ביז קיין ביסק, טראָגט אַ פּיקס אַ ביקס אין פּיסק".) דאָס אַלצדינג איז אין־זיך־אַליין נישט אַזוי שלעכט. עס איז, נאָך אַלעמען, זייער שפּילעוודיק און לייכט, — נאָר צופּיל איבערגעזאָגט, און געמאַכט דערפֿון אַ קולט — דאָרט ווו איך, אָדער אַן אַנדערער שפּראַך־

הודיני וואָלט עס געטון צווישן אַ מיליאָן אַנדערע טעגלעכע אַרבעטן.

מאַני לייב איז די ד י כ ט ע ר י ן פון לידער. ער איז די ז י פּאָע־ז י. ער איז די ווייבלעכקייט, פאַרווייבלעכט און פאַרנעבעכט. טרערן, טרערן, טרערן. מאַני־לייב איז אַ טרערן־מקוה, אַ טרערן־ניאַגאַראַ, זיבן קלאַפטער די טיף. גיט אים אַ ריר ביי אַ פוס און — סע גייט טרערן. גיט אים אַ צי ביים היטל און — סע פלייצט טרערן. מאַני לייב וויינט נישט מיט די אויגן, נאָר מיט זיין גאַנצער אָנגעצויגענער פערזענלעכקייט. ער איז נישט די וויינענדיקע ווערבע, נאָר ג ע וו י י ן, וואָס דאַרף צעטיילט ווערן צווישן אַ האַלבן עסקאַדראָן מיט דיכטער. און דאַן וועלן אַלע וויינען אַ ב י ס ל צ ו פ י ל.

מאַני לייב איז אַ בעל־יסורים־דע־לוקס. ער איז דער אמתער ראקעפעלער פון דער יסורים־אינדוסטרי. אַנדערע מ א ס־ק י ר ן זייער אומגליק, טוען אים אָן אַ שלייער. ווייל צו אינטים איז דער צער פון דעם מענטשנס נשמה — מ׳זאָל עס אַרויסשטעלן אויף בייז־ווונדער! אָבער מאַני לייב נעמט זיין (פעטערס?) אומגליק, פוצט עס אויס ווי אַ כלה־מיידל, טוט אים אָן אַ ניי היטעלע, פלעכט אים אַריין עטלעכע סטענגעלעך אין די האָר און גייט מיט אים אַרויס אין גאַס אַ ביסל שפּאַצירן. זאָל די וועלט זען, וואָס פאַר אַ שען אומגליק מאַני לייב האָט, און ווי אויסגעפּוצט ער איז נעבעך און ווי שען עס קאָן נעבעך נישט רעדן!

מאַני לייב בייט אויס. זיינע געפילן פאַר לידער. אָנשטאָט צו זינגען, דאָס וואָס סע טוט אים ווייי, זעט ער, עס זאָל אים וויי טון אַזוי, אַז ער זאָל עס קאָנען באַזינגען. עס זינגט נישט אַ ר ו י ס, נאָר ער זינגט זיך גלאַט אַזוי, ווייל ס׳איז שען פאַר באַקאַנטע!

מאַני לייבס לידער זענען אפשר פיינע שפּיגוועבערייען. אָבער צו וואָס זאָלן מענטשן שפּינען שפּינוועבס, ווען זיי קאָנען שפּינען נוצלעכע טאַשנטיכער, אָדער — לאָז זיין! — נ י ש ט־נ י צ י ק ע כלה־מתנות?

מאַני לייב האָט אפשר געדאַנקען, אָבער ער רעדט נישט צו זיי. ער איז מיט זיי ברוגז. ער האָט אפשר טיפע, שטורמדיקע ליידנשאַפטן (אַ ל ע ליידנשאַפטן זענען טיף און שטורמדיק!), אָבער זיי שטורעמען זיך אויס אינם פּראָצעס פון זינגען. ער דערזינגט זיי צום טויט! מאַניס ווילדעסטער לייב זיצט אין שטוב און — לייענט פּושקינען. זיין אויפגערעגטסטער לעמפּערט גייט אַרום מיט ברילן אויף די אויגן און — שפּילט שאַך. זיינע שלאַנגען טרינקען וואַסער מיט סירופּ, און זענען שרעקלעך נערוועיש.

„אין מיין האַרץ די בענקשאַפט גליט,
נאָך דיינס אַ בליק, נאָך דיינע רייד,
נאָך דיינס אַ הייסן שאָרך פון קלייד,
נאָך דיינע זינגענדיקע טריט.״ (12)

בין איך אים מוחל דאָס, וואָס אַ שאָרך קאָן נישט זיין הייס, און פאַרגיב אים די אָנשטעלערישע „ז י נ ג ע נ ד י ק ע״ טריט, צוליב דעם שענעם געפיל, וואָס גליט דאַרין. אָבער באַלד פאַלט ער אַריין אין דעם הויכמאָדערנעם, ניינצן־אַכצענער, אפּטודימינוטדיקן אָנשטעל פון עמיציזם און עפּעסיזם.

„א י מ י ץ ווייַנט און ע פּ ע ס מאָנט,
ווייַנט און בעט זיך און דערמאָנט״ — (14)

ווייסן מיר שוין, וואָס עס ליגט אין עמעץ און עפּעס! זאָג איך: פּריינט מ. ל., נאָמען און אַדרעס, ביטע! וו ע ר איז דער עמעץ? און וו ע ר איז דער עפּעס! עפּעס פאַרשטיי איך נישט, וואָס דער עמעצער גייט אַרום זינט די לעצטע עלף יאָר אין דער יידישער דיכטונג, און קלאַפּט אין דער טיר, און מען ווייסט נישט, ווער ער איז! און מ׳קאָן אים נישט כאַפּן!

מאַני לייב באַהאַנדלט אַ פּערזענלעכע דראַמע אויף בלעטל 16:

„נאָר זי שפּילט פאַר די וואָס זיצן איינגעבויגן
אין ווינקל שווייגנדיק. זי שטעלט זיך אויף:

גענוג!

און פון דער פינסטער שמייכלט איינער קלוג

און אײנער ברענט מיט גרויסע נעבלדיקע אויגן."

מאַני לײב איז זײער פּאָרזיכטיק מיט זײן ביסל טאַלענט. ער וואַרפט נישט אַוועק אפילו די שאָלעכץ פון זײנע לידער, און דאָרט ווו ער נוצט אָ ר י ג י נ ע ל די שאָלעכץ, באַהאַלט ער דעם ש אָ ט ן פון דעם שאָלעכץ, און ער פּרעגלט עס אויף רויזנבלעטער און צימרינג, און באַהאַלט עס אויף ווינטער. כאַפּט ער זיך אָן אין אַ וואָרט איז (כמעט אַזוי ווי ב ײ מ י ר!) ביז חלשות. "ווײסע פרײד" און "לאַנדישן", און "טרערן" און "העמדלעך" און "ציטריק" און "בויגיק" און "שלאָפנדיק" און "בלײכקײט" און "שטילקײט" און "אָט-אַזוי".

מילא, רעדט מען נישט פון די גראַמען "שנײ" און "אַזוי" — אַזוינע גראַמען טרעפט כמעט אויף יעדער בלעטל. "טויער און שנײער", און אַזוי ווײטער. אָבער וואָס זאָגט דאָס דאָזיקע פּילפּאַך-שטומע ליד? אַ שטימונגס-ליד, מײן ליבער מאַני לײב, איז נישט אַ ליד בײ וועלכן דו ה אָ ס ט שטימונג בעת דו שרײבסט עס, נאָר אַ ליד, וואָס רופט אַרויס שטימונג בײ מ י ר, בעת איך ל ײ ע ן עס. ביטע דאָס צו פאַרשרײבן אין נאָטיץ-ביכלעך, קאָלעגן!

ווי שלעכט מאַני לײב הערט זײן אײגן געזאַנג, קאָן מען צום בעסטן לערנען פון זײן אויסגעצײכנטע באַלאַדע (אגב: זײנע באַלאַדן זענען — שנעל באַמערקט! — די בעסטע לי־דער, וואָס ער האָט. אַ טײל פון זײ, ווי "ײנגל-צינגל-כוואַט", "דער שלאָף", און "אליהו הנביא" זענען זײער געראָטן אין קלאַנג און אין אינהאַלט), ווו ער ענדיקט דאָס ליד "משהלע" מיט די שורות:

"אַ גלעקל אַרײן, א גלעקל אַרויס,  
און דאָס איז די גאַנצע מעשה".

מ. ל. נוצט דאָס וואָרט "גלעקל" אָנשטאָט דאָס פאָלקס־טימלעכע "פלעקל", וואָס קלינגט ײדישלעכער און בילדלעכער, בעת "די גאַנצע מעשה" איז אי נישט-ײדיש, אי שרעקלעך נישט-מוזיקאַליש. אָדער אַזוינע ווערטער ווי "קעלער-קאַפּײ" (אַ גראַם צו "געשרײ") און צווײ מאָל "ביזקל" (בלעטל 5 פון די

באַלאַדן) אָדער „קוואָלע טריט" (בלעטל 86), אָדער אַזאַ „לעבנס־בילד" ווי דאָס ליד וועגן דער עוועניו ב״. דער דיכטער באַשרייבט די טראַגעדיע פון אַ פאַרפירט מיידל נעבעך, וואָס האָט זיך, ווי ראָזענפעלד זאָגט, ביי אים מיט טרערן געבעטן: רייס מיך נישט אויס, וועסט מיך שפּעטער צעטרעטן. אָדער אַזאַ זאַך־פלאָנטער ווי אויף בלעטל 111:

זיין גרויסע נע־ונד ליד זינגט דער ליריקער — דער הונט!

ווייסט איר נישט, צי דאָס מיינט, אַז דער ליריקער איז אַ הונט: דער הונט, דער ליריקער! אָדער מיינט עס, אַז דער הונט איז אַ ליריקער. און אַזוינע שווערע ווערטער ווי „מאָנאָטאָן" (116) פון גאָרדינס „מאָנאָטאָן און לאַנגווייליק איז אין די הימלען", אין „גאָט, מענטש און טייפל", און שלאָפלאָז (2 מאָל אויף בלעטל 113),

און ווען מ. ל.ס האַרץ ווערט דורכגעציטערט מיט דעם געפיל פון נקמה פאַר אַלע אונזערע דורות, וואָס זענען געשטאָרבן אויף די שייטערהויפנס, פאַר אַלע אונזערע געקרייציקטע לעבנס, רעדט ער צום טאַטן, צום טאַטעניו, און זאָגט:

„הער טאַטע (ליסן, פּאַפּאַ), ניט קנייטש אַזוי מיטן ברעם
און האַלט ביי דער האַנט מיך נישט צו.
איך ווייס ניט, צי דאָס איז אַ חילול השם, —
איך ווייס אָבער גוט וואָס איך טו. — —
(מ. ל. האָט דערהערט דעם געשריי פון די דורות —)
און אָט איז דער מעסער, דו זעסט, ווי איך שאַרף,
וועט נעמען ביי זיי אונז די רו.
(ביי זיי — אונז?)
נו, טאַטע, לאָז מיך דערשאַרפן. און אַזוי ווייטער
ווי שטיל, ווי רויק, ווי נישט אויפגערעגט מאַני לייב איז

אין די מינוטן פון העכסטער נקמה! ער שאַרפט דאָס כשרע מעסער, ער האַלט עס ערשט אין שאַרפן. אַז ער וועט דערשאַרפן, וועט זיך טון חושך, אַזוי זאָל אונז גאָט העלפן! אָבער דערווייל קייט ער זיך אַ שאָקאָלאַדקע און שאַרפט!

אַ סך פון מאַני לייבס לידער קערן צו דער גיי־אַרויס־און־גיב־אַ־קוק אָפּטייל פון דער ניי־יידישער דיכטונג. דאָס זענען לידער, אין וועלכע דער דיכטער פאַרצייכנט אַ ל צ ד י נ ג, וואָס ער זעט און הערט — אין צייט פון אָנדערהאַלבן רגעס.

מ. ל.ס מוסטער פון דעם סאָרט, ידער אויף בלעטל 109:

„דער זייגער האָט צוועלף שוין געשלאָגן,
ס׳איז צוועלף שוין אַ זייגער ביינאַכט,
איך קוק אויפן זייגער און טראַכט:
ס׳איז צוועלף שוין אַ זייגער ביינאַכט.״

דאָס ליד האָט נאַטירלעך זיך געקאָנט ציען ביז איבער־אַכטאָג פרייטאָג, ווי אַ.ע פון דעם דאָזיקן סאָרט טאַפּי קאָן מען דאָס ציען און ציען. איך גיב מיין אייגענעם מוסטער:

„ס׳איז נאַכט.
איך גיי מיר אַרויס אין גאַס.
ס׳איז נאַס,
און בלאַס,
און קראַס.
און קוואַס
וויל איך,
און דרילעך
אויף איינשיטן,
אָבער ווו גיט׳ן?
מ׳גיט ניט.
— — — —
ס׳איז נאַכט.
איך טראַכט
אַ הויז,
אַ שטוב,
אַ באַנקבעטל
אַ נעגער.
אַ זייגערמאַכער.
ראָטשילד.

קאַווקאַז.
ריבאייזן.
לכה־דודי.
דאַרדאַנעלן.
מיקעל־אַנזשעלאָ.
נתן הכהן.
ס'איז נאַכט —
איך טראַכט:
אַ פּראַכט,
עס שוואַכט —
מיר ס'האַרץ.
ס'איז שוואַרץ.

און אַזוי ווייטער.

דער שווינדל דערפון איז, וואָס מ'זשאַלעוועט אַזוי דאָס וואָרט, אַקוראַט זעקס שורות מיט אַ פּינטעלע. ווען מ'זאָל אָנשרייבן אַ גאַנץ ביכל מיט אַזאַ געהאַקטער פּראָזע (דאָס קאָן מען טון זייער גרינג), וועט עס קיינער נישט באַטראַכטן פאַר לידער. אָבער אַז מ'שרייבט אַקוראַט זעקס שורות מיט אַ פּינטעלע, ווערט דער עולם צעטומלט און טראַכט: עך! מסתמא איז דאָך עפּעס אין דעם! אַז נישט, וואָס זשאַלעוועט מען אַזוי דאָס וואָרט?

מאַני לייב האָט אויך אַ טבע, אַז ער מאַכט זיינע לידער — פּאָרוויז. זיי גייען ביי אים ס'מינדעסטע צו צוויי אין אַ פּעקל. למשל אויף בלעטל 48 רעדט מ. ל. וועגן מיידל פידל און טאַקע באַלד אויף בלעטל 49 — אגב, הייסט דאָס, רעדנדיק וועגן אַ פידל, דערמאָנט ער זיך אין קינדער, וואָס אַ בעטלער שפּילט פאַר זיי אויף אַ פידל.

אויף בלעטל 166 זינגט ער:

„איצט רייד ניט מער מיין פּיין,
איצט וויל איך רויק זיין."

און שפּעטער מיט אַ דאָס־עראינערט־מיך־זשעסט:

„אָוונט. איך וויל אייך נישט שטערן,

זיצט אין דער פינסטער אַזוי.״

אויף בלעטל 100 רעדט ער וועגן זיינע רויטע רויזן, וואָס ברענען רויטער, און דאָס עראינערט אים, וויסנזי, אויף בלעטל 101, אַז —

די נאַכט איז געקומען, מיין לאָמפּ האָט געברענט.

מאַני לייב באַנוצט זיך אויך אַ ביסל צו אָפט מיט זיין רעכט צו נעמען זיך פרייהייטן מיט דער שפראַך. דעריבער ווערט ביי אים פון זאַווערוכע (שניי שטורעם) אַ ז אַ וו יי ן לויט דעמזעלבן געזעץ האָט אַ סאַמאַטוכע געדאַרפט זיין אַ ס אַ־ מ אַ ט יי, און אַ מ ע ר כ ה האָט באַדאַרפט זיין אַ מ אַ ר יי.

מאַני לייב איז אויך אַ מזיק אויף — העי, העי. ער איז, אַזוי צו זאָגן, דער הויפּט ה ע י ה ע י א י ס ט פון אַלע יידישע דיכטער. ער איז דער טאָמאַס־עדיסאָן פונם העיהעי, און ער בוצט עס אויס אויף אַלע זייטן, און מיט פאַרשיידענע רעפּאַר־ מען. אַמאָל איז דאָס העיהעי און אַמאָל הוי, הוי, און אַמאָל האַי, האַי, און אוי־אוי, און האָ־האָ, וואָס קאָן מען נאָך מ ע ר טון?

מיט אַ פּאָעטישער מליצה:

די זון פאַרגייט. עס איז נאַכט. די וואָלקנס פון סוף קריי־ טיק ציען זיך איבער מיין הימל. און וואָס זאָל איך זאָגן? וואָס זאָל איך זאָגן?

ענטפער: איך וויל גאָרנישט־נישט זאָגן. מיינע קליינע קינדער וויינען. איך דאַרף זיי אָנטון העמדלעך. איך וויל נאָר ציטירן איינס פון מאַני לייבס כאַראַקטעריסטישע לידער אויף בלעטל 119:

די נאַכט איז לאַנג, די נאַכט איז לאַנג.
איך קאָן נישט שלאָפן, איך קאָן נישט ליגן.
איך וואַרף זיך, דריי זיך ווי אַ שלאַנג,
איך ליג און בעט זיך, דער שלאָף זאָל וויגן,
דיך זע איך ניט, דיך זע איך ניט.
געשטאַלטן שוועבן אויף לייכטע פליגלען.
איך זעץ אַוועק זיך אין דער מיט.

איך צינד צוויי ליכט אָן. איך נעם צוויי שפּיגלען.
איך וואַרט אומזיסט, איך וואַרט אומזיסט.
דו קומסט ניט, מיינער, קומסט ניט, ליבער?
אַ וואָלקן ציט, אַ רעגן גיסט.
איך קוק פון פענסטער, דער ווייט אַריבער.

דאָס איז אַ גאַנץ שיין ליד, נאָר איך האָב עס ציטירט— צוריק־צו־וועגס, פון הינטן אַרויף, וואָס דאָס באַווייזט, אַז מאַני לייבס שורות זענען צו שטאָלץ צו זיין אָפּהענגיק איינע פון דער אַנדערער. זיי זענען פרייע, זייער פרייע פּערזן.

# פינף הונדערט יאָר יידישע פּאָעזיע

געזאַמלט און צונויפגעשטעלט פון מ. באסין־
פאָרטרעטן פון זאַגאַט־
פאַרצירונגען פון ליבטענשטיין און מאָוד־

It takes all sorts of people
To make a world

מיט די דאָזיקע ווערטער האָט מיר אַן אַלטער פאַרמער אַמאָל קלאָר געמאַכט, פאַרוואָס עס זענען פאַראַן אַזויפיל משונה־דיקע מענטשן אויף גאָטס וועלט. דאַביי האָט זיך דער אַלטער דערמאָנט אויסגעגלייכט אויף דער קעלניע, ווו ער איז געזעסן, אַ צי געטון ס'פערד ביים צוימל, אַ מאַך געטון: גידאַפּ! און איז אַוועק אין ווייטן פעלד אַריין.

איך, אייער ערגעבענסטער, בין אַ שטאָטמענטש. האָב קיין אייגענע פערד נישט. און ווען עס קומט מיר אויפן זין, אַז כדי צונויפצושטעלן אַ וועלט איז נויטיק אַלערליי מענטשן, האָב איך נישט קיין וואָגן אויף וועלכן זיך אויפצוזעצן און אַוועקפאָרן פון דיזעלבע מענטשן.

דאָס פירט צו דער קלוגער באַמערקונג, אַז:

עס איז גוט צו זיין אַ חכם און אַלץ צו באַגרייפן, אַז אויף דער וועלט דאַרף זיך וואַלגערן אַזאַ מענטש ווי מ. באַסין אויך. די וועלט־געביידע דאַרף האָבן פאַרב, אַז נישט זשאַווערן אין איר אירע אייזערנע כוחות! מ. באסין איז פאַרב,—

גרינע משונהדיקע פאַרב צעשמירט אויף די שטאַכעטן פון אונזער ליטעראַרישן גאָרטן, מען דאַרף עס האָבן! אָבער מען דאַרף אויפּקפּאַרן דערפון.

* *
*

די מ. באַסינס זענען אַ נאַטור געזעץ, אַזוי ווי מאָזלען, אָדער שקאַרלאַטינע. זיי ברעכן אַרויס פון צייט צו צייט, אָבער זיי זענען נישט געפערלעך. אַ ביסל גרויס־משוגעת־היץ, פון דעם מין: פּאָעט־אימפּעראַטאָר־רעקס־בורשטין־נבוכדנצר. אָבער עס גייט באַלד פאָריבער. מען שטאַרבט נישט דערפון. ווייל די מ. באַסינס זענען צו שוואַך — אפילו אַלס אַ שוואַכקייט און צו גרינלעך־יונג, אפילו אַלס אַ ליטעראַרישע קינדער־קראַנקהייט!

מ. באסין איז אַ דיכטער מיט לעדיספינגער. זיין פערזענלעכקייט איז אונטערגעשניידערט מיט וואַטע. זיין אינטעלעקט? אַ געל קאַנאַריקל, וואָס מאַכט ציפּציף. זיין קולטור? די קולטור פון אַ מענטשן, וואָס לייענט אַלע סקיצן אין יידישע נאָכמיטאָג־צייטונגען. זיין בילדונג? — ביטע, שווייגן! לאָזט אים אַליין רעדן, דעם הער מ. באַסין:

מ. באסין (אַזוי שרייבט מיסטער באסין וועגן מ. באסין) איז דער אַרויסגעבער פון דער פאָר־יגענדער אַנטאָלאָגיע. געבוירן געוואָרן... געקראָגן אַ טראַדיציאָנעל־יידישע דערציונג.

אַ טראַדיציאָנעל־יידישע דערציונג הייסט, מיט אַנדערע ווערטער, אַז ער איז געגאַנגען אין חדר אַריין ביז אַרום זיין דרייצענטן יאָר, אַז ער קאָן זאָגן מודה־אני, שלאָגן כפּרות, גיסן דריידלעך, רייסן הושענות, בלאָזן שופר, עטצעטערא.

אַ טראַדיציאָנעל־יידישע דערציונג הייסט, אין דעם דאָזיקן פאַל, אַז דער בעל־דבר קען נישט קיין שום שפּראַך אַ חוץ די באסין־שפּראַך, וואָס דאָס איז אַ מין סאָרט פאַרצווייפלטער יידיש; הייסט, אַז ווען דער הער מ. באַסין זאָל האָבן נאָך אַ ביסל בילדונג און גוטן געשמאַק, וואָלט ער געווען אַ פאָלשטענדיקער איגנאָראמוס; הייסט, אַז ער איז אַ טראַדיציאָנעל־יידישער יונגערמאַן, וואָס קאָן גאַנץ

וויל־לייענען אַ בלאַט־צייטונג און שמועסן מ'ט דער כּלה וועגן דעם קאַפּיטאַן דרייפוס.

עס איז אַ כּלל: פידל־שפּיל מוז געשפּילט ווערן אויף אַ פידל. שפּילן פידל אויף אַ צימבל קאָן מען נישט.

דאָס שיק־יינגל פון דעם ליטעראַרישן קאַפּע האָט געפּרוווט אויסשפּילן דעם איידעלן, פיינאייראָפּעאישן מענטש, אויף זיך זעלבסט — אויפן צימבל. איז אַרויסגעקומען אַן אַנטאָלאָגיע מיט דעם הערן מ. באסין אַלס א נ ט י ־ ל אָ ג י ק ע ר.

„פינף הונדערט יאָר יידישע פּאָעזיע" איז אַרויסגעגעבן געוואָרן, גאָט ווייס מיט וואָס פאַר אַ מי און מיט וואָס פאַר אַ קרומע, יידישלעכע גענג מצד דעם אַרויסגעבער. עס איז געוואָרן אַ מין געשעפט פאַר אומשטערבלעכקייט, און יונגע, יונגערע און גאַנץ יונגע און גלאַט אַזוי ליטעראַרישע מתים, זענען געלאָפן מיט גרייטע געלט און זיך געהייסן אָפּשניידן פאַר 1.95 דאָל. אַ שטיק אומשטערבלעכקייט. אַ מ י ט ל ־שטיק, פּליעז! אָט אַזוי, זשאַלעוועט נישט מר. באסין.

און דער מיסטער באסין האָט נישט געזשאַלעוועט. ווי אַן אמתער אימפּעראַטאָר האָט ער אויסגעטיילט כּיבודים, אָפּשאַצונגען, קריטיקן, צורופן, עצות־טובות־פאַר־באַלעבאַטים, בריווקעסטלעך, שטימען פון פאָלק.

און אָט דאָס זענען די אומגראַמאַטיקאַלישע רייד פון מ. באסין, אין זיינע באַ־מערקונגען:

„איך וויל דאָ באַמערקן וועגן דער אָרדנונג און צ ו ז אַ מ ע נ ש ט ע ל ו נ ג פון די ד י כ ט ע ר".

„ווייל זייער אָפט טרעפט, אַז אַ דיכטער זאָל זיין יינגער פון אַ צווייטן אין יאָרן און ע ל ט ע ר אין שרייבן".

דאָס זענען צוויי פּאַראַגראַפן גענומען פון אָנהויב בוך.

דערפון זעט מען, אַז דעם בעל־דברס דערציִונג איז געווען נאָך מער ווי ט ר אַ ד י צ י אָ נ ע ל ־יידיש.

מ. באסין ש ט ע ל ט צ ו ז אַ מ ע ן ד י ד י כ ט ע ר — נישט זייער ש אַ פ ן, נאָר די ד י כ ט ע ר זעלבסט, לויט דער אָרדנונג פון זייער ע ל ט ע ר ק יי ט אין שרייבן. וואָס דערפון

איז שווער צו דערגיין, צי ער מיינט דערמיט: לויט די אַלטקייט פון זייער סאָרט שרייבן, אָדער: לויט די צאָל יאָרן, וואָס זיי שרייבן.

ווייטער באַמערקט דער הער אַנטי־לאָגיקער:

„אייגנשיינליך וועט עס אויסקומען פאַלש".

„מאַנכע דיכטער זענען שוואַך פאַרטראָטן, ווייל די מלחמה האָט אומעגלעך געמאַכט יעדע פאַרבינדונג מיט זיי. אַזוי איז אויך דער פאַל מיט די דיכטער וועמעס בילדער עס פעלן".

מיינט דער הער באסין, אַז ביי די דיכטער, וועמעס בילדער עס פעלן, האָט אויך אויסגעבראָכן די מלחמה. אָדער מיינט ער, אַז די דיכטער וועמעס בילדער עס פעלן זענען אויך שוואַך פאַרטראָטן?

מ. באַסין האָט זיך אַ ווערטל ווי געזאָגט. נאָכדעם ווי ער רעדט אָפּ אין אַ גאַנץ קאַפּיטל וועגן די פאָלקס־לידער, הויבט ער אָן ס׳צווייטע קאַפּיטל מיט די ווערטער: „ווי געזאָגט, ציט זיך די אַנטאָלאָגיע ביז 1910". מילא, זענען מיר אים שוין מוחל, וואָס די אַנטאָלאָגיע זיינע ציט זיך ווי פעך, אָדער ווי גומי־אַראַביקא, אָדער ווי זיין אייגענע נאַרישקייט, אָדער ווי געזאָגט — ווען? ווי געזאָגט — אווו? ווי געזאָגט — וואָס?

ווי געזאָגט, איז דעם הער באסין ווייניק געווען, וואָס ער — אַ מענטש אָן שום וויסן און געשמאַק — האָט געהאַט די טראַדיציאָנעל־יידישע חוצפה צו זיין דער צונויפשטעלער און בעלדעה פון אַזאַ וויכטיקער אַרבעט, האָט ער נאָך אָפּגעשאַצט יעדן דיכטער באַזונדער און אָנגעהאָנגען אַ טיטל. ראָזענפעלד האָט זיך ביי אים „צעגאָסן ווי אַ ברייטע פעלד". וועגן דוד פרישמאַן שרייבט הער באסין, אַז „עס איז אַ שאָד, וואָס ער גיט בישט אַרויס זיינע לידער". דוד עדעלשטאַטס לידער האָבן (לויט באסינס אָפּשאַצונג) געמאַכט דעם געווינשטן איינדרוק.

ביאַליקס לידער זענען ביי אים „איינגעשלאָסן אין די ענגע ראַמקעס פון העברעיש". אברהם רייזען פאַרנעמט ביי

אים ווי געזאָגט דעם אויבן־אָן אַלס דערציילער ווענן עפּעס אײגע אַ אננא ראַפּאָפּאָרט באַמערקט באסין, אַז זי האָט געווונען אַ פּרייז פאַר אַן אַרטיקל איבער קינדער דערציונג. ווענן דעם ליטעראַרישן דר. לאַנדעס יחזקאל לעוויט, גיט ער אָן אַלס ביבליאָגראַפיע דאָס פאַרדעכטיקע ביכל פון עפּעס אײנעם אַ „דזש. מעדאָף". א. מ. דילאָנס לידער, צייכענען זיך בײ אים אויס „מיט דער אָריגינעלער מיסטיק, וואָס דערמאָנט אָפּטמאָל אין דער אָריגינאַליטעט פון אַן אבנאָרמאַלן". ז. שניאורס לידער „שטייען גאַנץ אַליין אין דער יידישער דיכטונג". מ. ל. האַלפּערין ווערט געמוסרט פון מ. ב., למאי „ער נוצט זיך נישט אויס אַ.ס עפּיקער" און ער באַמערקט ווייטער, אַז זיינע (האַלפּערינס) לידער דערציילן פיל פון זיינע (האַלפּערינס) דורכלעבונגען און אויך פון אים (האַלפּערין) אַלס באַדייטנדן דיכטער.

דערמיט מיינט באַסין הפּנים צו זאָגן, אַז ווען האַלפּערין זאָל נישט געווען שרייבן קיין באַדייטנדע לידער, וואָלט מען נישט געוווּסט, אַז ער איז אַ באַדייטנדער דיכטער, נאָר די לידער דערציילן ווענן דעם! סלאָנים פאַרגעסט בײ אים דעם אינהאַלט צוליב דעם קלאַנג. פראדעל שטאָק איז בײ אים אַ באַדייטנדע דיכטערין, וואָס האָט דעביוטירט מיט איר ערשט ליד אין 1910. מערקט אייך: פראדעל שטאָק האָט נישט דעביוטירט מיט איר צווייטן ליד, אָדער מיט איר דריטן ליד, נאָר אדרבא, פאַרקערט, זי האָט דעביוטירט מיט איר סאַמע ערשטן ליד! און שלמה שמולעוויטש פאַרנעמט בײ אים אַ גרעסער אָרט ווי דוד קעניגסבערג — אפשר דער פיינסטער פון אַלע פיינע ניי־יידישע דיכטער.

*     *

*

איך בין שוין פאַרטיק, מײנע טײערע, איך וויל נאָר אָנווייזן, אַז דער הער באַסין האָט, אַחוץ דער ווי־געזאָגט־שוואַכקייט, אויך אַ שוואַכקייט אונטערצושטרייכן גלאַט אַזוי־

ווערטער — סיי ווו מען דאַרף, סיי ווו מען דאַרף נישט. זיי־
בע אונטערשטרייכונגען גייען אומגעפּער אַזוי:

„יוסף וויזענטיר אַ ד י כ ט ע ר פֿון גאָטסגענאַדן. גע־
בוירן ג ע וו אָ ר ן אין י אָ ר 1811. האָט געשריבן אַלערליי
זאַכן, און אויך אַנדערע. איצט איז ער אַ וו ע ק א ו י ף אַנ־
דערע געביט; און מ ע ן קאָן אים נ י ש ט כאַפּן“.

# „וועלט איין, וועלט אויס“

זאַמלבוך, „קאַפּריזים“: איגנאַטאָוו. פאַרלאַג „אַמעריקא“.

איך און דער איגנאַטאָווער, זאָל לעבן, זענען ביידע גרויסע גייסטער. נישט מער: איך, אייער ערגעבנסטער, האָב פיינט צו קנאַקן ליידיקע ניס און ער נישט. עס איז געגנוג, אַז ר׳ דודל זאָ. אַ זאָג טון „קיקו“ און די חסידים זיינע זאָלן אַריין אין אַ טיפער בע־וואָס־נישט־איז און זאָלן אָפּענטפערן: „קיקעריקו“. און אַז די דאָזיקע קיקעריקוס זאַמלען זיך אָן אין דער א י ז ־ה י ק א וו א פון בלינצעהוהו, דעמאָלט גיט מען אַרויס אַ געדרוקטע וואַקכאַנאַליע פון ווערטער מיט דער געשיכטע פון קיקו (אַזאַ פויגל!), וואָס איז געקומען פון וואַ־לאַ־לאַ, ווו ער האָט געהאַט אַ פ נ י ע כ ם. (אַזאַ וואָרט!) מיט עפּעס אַן אויסלענדישן פ נ י ע כ ם. (אַזאַ וואָרט!) און ווען די גאַנצע געשיכטע האָט זיך צעפּניעכמט, איז געקומען צוגיין דער בעטלער פון בעבעוואַוואַ (אָדער פאַרקערט!) און ער האָט דערהרגעט דעם הויפּט פּניעכם פון אַלע פּניעכמס.

מען דערציילט:

איינמאָל איז ר׳ דודל געזעסן ביי זיך אין דער היים און געזאַמלט, ווי זיין טבע איז געווען. האָבן די חסידים געפרעגט: „רבי, וואָס זאַמלט איר?“ האָט דער איגנאַטאָווער (אַ חכם איז ער געווען פון אַלע יאָרן — נאָך פון כלהס צד!) געוואָרפן צוויי פון זיינע בעסטע בליקן אויף די אפיקורסים, וואָס האַלטן נישט פון זיין טאַלאַנט, און ער האָט אויסגערופן:

— קיקוקו!
האָט מען גענומען דעמדאָזיקן „קיקוקו", מ׳האָט אים אַרומ־
געבינדן אַ פיסל מיט אַ שוואַרץ טאַשמעלע פון פינף־און־צען־
סענט־מיסטיציזם, מען האָט אין אים אַ ר יי נ ג ע ש ר י ג ן אַ
נשמה און עס איז געוואָרן אַ מין בלאָער פויגל — וואָס פליט
וועלט־איין, וועלט־אויס, און זינגט זיינע קיקוקושע, וואַלאַלאַ־
לידער, פול מיט זענעפט, חן, וויל־קלאַנג, פיפ־פאַפעריי.

דער איגנאַטאָווער, זאָל לעבן, איז נישט נאָר אַ זאַמלער,
אַ שריפטנצונויפשריפטלער, נאָר אויך, און הויפטזעכלעך, און
אדרבא — אַ דיכטער, וואָס דיכטעט. ער איז — לאָמיר זאָגן
אין איינעם מיט ב. ריווקין — דער דיכטער פון גאָלדענעם
נדר. ס׳איז קלאָר! איגנאַטאָוו איז טיף. מען דאַרף אים פאַר־
שטיין. איך פאַרשטיי אים נישט, איך פאַרשטיי נאָר איינס: אַ
גוטער שוסטער ווערט נישט קיין ב ע ס ע ר ע ר שוסטער דאַ־
דורך, וואָס אַ חוץ שוסטעריי קאָן ער אויך שרייבן לייטאַרטיק־
לען. און אַ גוטער שרייבער, ווערט נישט קיין בעסערער שריי־
בער, דאַדורך וואָס אַ חוץ שרייבן, קאָן ער אויך רעדן דורכן
טעלעפאָן, קלאַפן אין פלייצע, און מאַכן אַן איינדרוק אויף איי־
דעלע מענטשן.

דעקלאַראַציע פון אומאָפהענגיקייט: איך, משה נאַדיר, דער
זון פונם אַלטן נאַדיר, זאָג זיך אָפּ פון צו ציטירן, צו שרעקן־
זיך, מורא צו האָבן, צו זיין אונטערטעניק צו איינעם אַ דוד
איגנאַטאָוו, רעקס, זעלבסטהערשער, אימפּעראַטאָר.

איך גיב אַ שבועה זיך אָפּצורייסן פון דעם פאַרזישעלאַנ־
דויסטן טיראַן, צו צעברעכן די קייטן פון זיין ווייסע־פערזן־
שקלאַווערײַ אַזוי זאָל מיר גאָט העלפן, אמן!

און מיט דער דאָזיקער דערקלערונג גיי איך אַוועק פון
דוד איגנאַטאָווס פראָבלעמאַטישקייט, וועלכע איז פון יענעם סאָרט
ווי די פראַגע: „אַז דער ראַזירער ראַזירט אַלעמען אַ חוץ די וואָס
ראַזירן זיך אַליין, און דער ראַזירער ראַזירט זיך אַליין, טו ווער
ראַזירט דעם ראַזירער?" און איך גיי צו צו די איבעריקע מיט־
אַרבעטער, מיטשאַפער, מיטזינגער פון דעם זייער פאַרטייטשט־

חומשטן זאַמלבוך, וועלכעס הויבט זיך אָן מיט „האזינו” און ענ־דיקט זיך מיט האָמערס איליאַדע.

איך פאַרבויג מיך און זאָג: עס איז זייער נאָבעל פון אייך, מיינע הערן, אַרויסצוברענגען נייע טאַלאַנטן. עס איז גוט־ברידערלעך, עס איז מענטשלעך, און דאָס האַרץ פון אַ קריטיק־שרייבענדן מענטשן ווערט אָנגעפילט מיט פרייד, ווען ער דער־זעט אַזוינע צוויי נייע טאַלאַנטן ווי משה רבינו און האָמער. מיר קאָנען זאָגן, אַז ביידע ווייזן אַרויס אַ פונק טאַלענט, כאָטש זיי זענען אַ ביסל צו י ו נ ג אין פאַרגלייך מיט די זאַמלבוך־קלאַסיקער.

ענטפער דורכן בריווקאַסטן: שלייפט אַ ביסל מער אייע־רע זאַכן, הער מ. בן־עמרם? לערנט זיך שרייבן אַ גלאַטערן יידיש. דאָס וואָרט „בראַנדאָפּפער” וואָס איר נוצט אין אייער פּאָעמע „דאָס זענען די רייד פון בלעם”, איז נישט יידיש. „פאַרוואָהר” איז אויך נישט יידיש. אָבער טאַלענט האָט איר. כאַפּט זיך אַמאָל אַריין אין רעדאַקציע צווישן 5־6 פאַרנאַכט.

צווייטער ענטפער דורכן בריווקאַסטן: הער האָמער: 1) אייער יידיש איז אומפאַרשטענדלעך, ווי דער יידיש פון — מיר זעלבסט. איר נוצט צופיל אויסלענדישע ווערטער. איר ווילט — מעשה ראובן אייזלאַנד — צופיל גלאַנצן מיט אייער ווילקע־נעווודיקייט אין וועלטזאַכן. שלייפט, פּאָלירט, הובעלט, זעגט, ראַ־זירט, פיילט, האַקט, אפשר וועט עפּעס אַרויסקומען.

* *

*

ל. שאַפּיראָס דערציילונג „רויך” איז זייער אַרטיסטיש אַריינגעשלאָגן אין ראַמען. עס איז געשמאַקער ווי מ י ר ט ע ל ע, מירטעלע איז געווען געשניצט — זייער ארון־קודשדיק. „רויך” איז צונויפגעטריבן אין אַ ווינקל, מיט אַ רויט טאַשנטיכל, מיט דער טראַדיציאָנעל יידישער קלויזפּאָן. די זאַצן אין רויך זענען גלאַט אויסגעפרעסט. נישט מיט קיין פלעט־אייזן, נאָר שאַפּיראָ האָט זיך אויף זיי אַרויפגעזעצט און איז (גייסטיק) גע־זעסן אויף זיי אַזוי לאַנג ביז וואַנען זיי זענען אַרויס גלאַט

און אָן קנייטשן. אָבער דער סימבאָלישער אָנווינק זעט זיך אין רויך, דרייט זיך אין די בלאָ־פּאָעטישע רויכרינגען פון דעם העלד און דער שאַפּיראָ־טייטש דערפון איז: רויך — דאָס מענטשלעכע לעבן. פּע, ס׳איז ביטער, נאָר מען געוווינט זיך צו דעם צו. די רויכרינגען — די לעבנספאָרמען, די לעבנסטעכניק. און ווי שיין דאָס קאָן זיין! וואָס פאַר אַ שפּיל! „ס׳איז רויך, אָבער ס׳איז גוט״.

קלוגער, שווערשרייבנדער, וואָרט־טאַפּנדער שאַפּיראָ!

עס קומען לידער — וויוואַט! זישא לאַנדוי באַרעדט די ווייבער, מיט פיינע פּעטיט־אויפשריפטן. און ער הייסט ב א־ ש ל אָ פ ן דאָס ווייב. באַהאַלטן מיר דאָס וואָרט ב א ש ל אָ פ ן און מיר בלעטערן ווייטער. זישא ווערט פריילעכער, אויפגע־ לעגטער, כמעט ב ל אָ נ ד ע ר: ער זינגט זיינע פּשוטע, אַ פערטל־ באָך־צוועלף־לידער וועגן דעם, אַז אפשר וועט גיין אַ רעגן און אפשר ניט, און אַז אין הימל שווימט ד אָ ר ט אַ ל ב נ ה! און אַז ער לאָזט זיך אַראָפּ אין די (ווונדערוואָרט נומער 2) פ אַ ר ל אַ מ ט ע ר נ ד י ק ע טאָלן. דאַן ווערט ער טעמפּל־בית־ ישראלדיק און גיט זיך דאָרט אַ פרעג אין ליד:

„ווער פירט די אַלע שיפן,
וואָס גייען אינם ים?
גאָט פירט די אַלע שיפן,
וואָס גייען אין ים...״

און אַזוי ווייטער. דאָס פאַרווייטערדיקטע איז שוין ניט וויכטיק. מען קאָן דאָס שוין אַליין מאַכן. פערצעפּטום. למשל:

„ווער פייפט ביי מיר אין קוימען
אין ווינטערדיקע טעג?
גאָט פייפט ביי מיר אין קוימען
אין ווינטערדיקע טעג.״

דאָס איז גוטע, שפּאָרעוודיקע און ניט אָנגעשטרענגטע פּאָעזיע. זישא ווייסט, אַז לידער, דאָס זענען ווייבער, צו וועל־ כע דו דאַרפסט ניט טון געבן קיין כח. מיט ער זיך ניט.

זיי קומען צו אים פון זייער אייגענעם ווילן און ווערן באַ־ש ל אָ פ ן.

עס קומען לידער פון א. מ. דילאָן, אויף וועלכן מען קאָן אויספּרווון דעם כּמעט־היינעשן שפּיל פון צושטעלן „מיט הויזן" און „אָן הויזן" ביי יעדער סוף שורה:

„כ'זיץ אין פעלד ביינאַכט אַליין (מיט הויזן).
אָט קומט מיין הונט מיט שנעלע טריט (אָן הויזן).
ער שנאָרט אַהין, ער שנאָרט אַהער (מיט הויזן).
מיין הונט, מיין הונט, דו זעסט מיך נישט? (אָן הויזן).

אין צווייטן סטראָף פון דעמזעלבן ליד, קושט דער דיכטער אָן דעם הונט „אַ פולע קאָפּ". און אין ליד נומער 3 גייט ער אַרום און שיט געלע בלעטער אַזוי לאַנג ביז וואַנעט ער הערט אויף.

כּמעט אַלע לידער פון די י ו נ ג ־ י ע ר י ק ע זענען פול מיט פלומרשטיקן מיסטיציזם, מיט טונקעלהייט. אין 9 פון יעדע 10 לידער „קלאַפּט ע מ ע צ ע ר אין טיר" און מ'ווייסט נישט וואָס ער וויל... אָדער ע מ ע צ ע ר לעשט אויס דאָס ליכט... אָדער ע מ ע צ ע ר גייט שלאָפן... אָדער ע מ ע צ ע ר שטייט אויף די קניען ביים בעט, און מ'ווייסט נישט, וואָס ער וויל. אַך, דער עמעצער, דער עמעצער!...

וואָרנונג פון אַ נערוועזן קריטיקער: עמעצער וועט נאָך עמעצן אַמאָל דערהרגענען פאַר עמעצנס דיכטונג! עמעצער האָט נישט קיין נערוון פון קופּערדראָט; עמעצער וויל, אַז מ'זאָל אים צורו־לאָזן מיט די ע מ ע צ ע ר ס, און מיט די וו יי ט־וו יי ט ס און מיט די וו ו ־ נ י ט־וו ו ס און מיט די ע פּ ע ס־וו יי ס־א י ך־נ י ש ט ס

---

ראַבאָיס „קעץ" האָבן די גרויסע מעלה, וואָס דער שרייבער האָט זיי נישט פאַרמענטש׳עכט, ווי דאָס טוען געוויינלעך אַנדערע שרייבער. ראַבאָי שרייבט וועגן קעץ, נישט בדרך משל, נאָר טאַקע פון קעץ אַליין. דערצו דאַרף מען האָבן

מוט, דאַרף מען האָבן פּאַרטיפּטקייט, דאַרף מען פֿאַרשטיין, אַז אפֿילו דאָס לעבן פֿון אַ קינסטלער איז אויך נישט מער ווי אַ משל און אפֿשר נישט קיין שענערער משל, ווי דאָס לעבן פֿון אַ קאַץ, אָדער אַ קראָליק.

ראַבאָי איז אפֿשר דער אַנדערשסטער צווישן אַלע יידישע נאָוועליסטן.

— — — — — — — — — — — —

דאָס רוב לידער פֿון דער מאַרינירטער, באַלזאַמירטער, איינגעמומירטער, אויף־אַן־אָרט־שטייענדער „יוגנט" דערמאָנען אָפּט אָן דער טיפֿער אינהאַלטלעכקייט פֿון דעם באַרימטן נעגער־ליד:

Amaying 1 go
1 go amaying
1 went amaying
Amaying 1 went.

דאָס בוך האָט אויך אַן אַרטיקל פֿון בעל־מחשבות וועגן „דר. הערצל און אַנטאָן טשעכאָוו". איז עס, איז עס, איז עס (צום דריטן מאָל) אַזוי פֿול מיט ווערטער, שענקלינגענדיקע פֿראַזן, פּילפּאַרביקע לעבנספֿאַרבן, אַן אָנגעצויגענע סטרונע, אַ ציטער פֿון אַ קאַמערטאָן. — נו, גאָט מײַנער, מיר ווייסן דאָך, ווי ווערט איז געמאַכט. מיר האָבן געפּרוווט צוגלייכן הערצלען צום קאַמערטאָן און טשעכאָוון צו אַ סטרונע און... ס'איז אַרויס גאַנץ גוט. ביידע זענען גלייך איבערצייגענד. עס איז פֿון יענעם סאָרט קריטישע עסייען, וואָס צוערשט שרייבט מען זיי אָן — שרייבט מען אָן די שענווערטערדיקע זאַצבויען, און דערנאָכדעם — פּאַסט מען זיי צו צו עפּעס.

איך אַליין האָב שוין אָפּט אָנגעווענדט דיזעלבע מעטאָדע און עס גייט אויסגעצייכנט.

י. י. שוואַרץ האָט אָנגעזונגען אַ מאַסע לידער, „אויפֿן חרובן האַרצן". דער עמעצער שפּילט דאָרט אויך אַ גרויסע ראָלע. י. י. שוואַרץ בייזערט זיך, ער איז אין כּעס. ער מאַכט „בור־הר". אָבער איך פֿאַרשטיי אים און — פֿאַרגיב אים. זיינע

מאַטיוון פון תהלים זענען שוין געראָטענער — אַזוי פיל, וויפל דער תהלים איז בכלל אַ בעסערער זאַמלבוך ווי „וועלט־איין, וועלט־אויס״.

*        *
*

אַ קוריאָז: אויפן סוף פון בוך איז אָפּגעדרוקט אַ מעלדונג בזה הלשון:

„אינהאַלט פון ערשטן בוך „שריפטן״ (אויספאַרקויפט).״

דאַן קומט אַ רשימה פון אַלע אַרטיקלען פון ערשטן בוך „שריפטן״, וואָס איז אויספאַרקויפט און מען קאָן עס מער נישט קריגן.

מיר ערוואַרטן אין גיכן צו לעזן אומגעפער אַזאַ סאָרט אַנאָנס:

„אַ וווּנדערבאַר פערד.
3 יאָר האַלט.
זייער גוט פאַר רייטן.
פרייז 240 דאָלאַר.
זיך מעלדן צום אייגנטימער,
וועלכער האָט עס שוין פאַרקויפט.״

*        *
*

פּ. ס. — פון די בוך־צירונגען ווייס איך נישט וועמעס זענען די בעסערע — ליכטענשטיינס אָדער מאודס. ביידע געפעלן מיר. אָבער מאוד (איך מיין עס ערנסט) האָט אַ חוץ אַלעמען דאָס גרויסע פאַרדינסט, וואָס — צווישן מאַלער — איז ער בעווען דער ערשטער אונטערצושרייבן זיין נאָמען מיט יידישע אותיות.

# מלחמה־כּלות

אויטאָרן: ראַקאָוו־מיללער
טעאַטער: טאָמאַשעווסקיס

מיט פאַרשלאָפענע פינגער שרייב איך מיין היינטיקע טעאַטער־רעצענזיע. איך ווייס, אַז די מענטשן פאַר וועלכע די „מלחמה כּלות" זענען צונויפגעשריבן געוואָרן (פרעגט טאָמאַשעווסקין), לייענען נישט קיין קריטיקן, לייענען איבערהויפּט נישט קיין אַנדער זאַך, אַ חוץ די אויפשריפטן אויף די ווענט פון לאַוואַטאָריען, און דאָס אויך נאָר די דומסטע און שמוציקסטע פון זיי.

וואָלט איך געהאַט אַן אייגענע צייטונג, וואָלט איך געשריבן וועגן דעם שטיק צוויי קאָלומנען מיט אדיעקטיוון: שמוציק, נידערטרעכטיק, געמיין, שורקיש, פלאַך, קרעמעריש, טאַלענטלאָז, עקלהאַפט, שניידעריש, פּאַסקודנע, רוי, לאַנגווייליק, ווילד, אומענטשלעך, פּאַסקוויליש, אידיאָטיש, אומעגלעך, מיאוס, פויל, פאַרשטונקען, שווייניש, טעאַטערדיק, באַליידיגנד, גרילצענד, פּאָנפעוואַטע, הויקערדיק, געלעמט, בלינד, הינקענדיק, פאַרוואָרלאָזט, אומגעקאַמט, בלאָטיק, אָפּשטויסנד, אומדערטרעגלעך, סקאַנדאַליעז — דאָס אַלצדינג וואָלט געווען בלויז אַ קליינער טייל פון די אַלע באַליידיקענדע אדיעקטיוון, וואָס איך וואָלט גענוצט, ווען איך וואָלט געשריבן וועגן די „מלחמה כּלות". איך וואָלט נישט געזאָגט וועגן זיי קיין חכמהדיקייט, נישט געוואָלט ווייזן מיין סאַטירישע בייסנדיקייט, ווע‹לכע פאַר־

שאַפֿט מיר אַזוינע באַגאַבטע שונאים, ווי לעאָן קאָברין. עס וואָלט מיר נישט אָנגעשטאַנען צו פֿאַרשווענדן מיין ביסל עספּרי אויף דער טעמע „מלחמה כלות". נאָר אַזוי ווי איך שרייב נישט פֿאַר מיין אייגענעם אַ זשורנאַל, נאָר פֿאַר אַ פֿרעמדן, און דער פֿרעמדער זשורנאַל האָט אַ ריכטונג, וואָס דאָס איז זייער שייך פֿון זיין זייט, און אַזוי ווי דער פּרינציפּ פֿון דער ריכטונג פֿאָדערט וויצלעכקייט אויף אַלע געביטן פֿון דער יידישער ליטעראַטור, ערגאָ — וויצן!

„מלחמה כלות" איז נישט קיין שטיק, נאָר — אַ שטיק שווינעריי. עס איז אפילו נישט טאַלענטלאָז, ווייל די מחברים האָבן נישט גענוג טאַלענט דערצו.

איך טו באַהויפּטן, אַז אַ מענטש וואָס קאָן אָנשרייבן אַן ע ר ג ע ר ע פּיעסע ווי די דאָזיקע איז אַ — זשעניע, גיט מיר אַזאַ מענטשן און איך וועל אים מאַכן אַ באַנקעט, אָדער אַ יובילעאום, אָדער וואָס־נישט־איז!

דער אינהאַלט! איז מעגלעך איבערצוגעבן דעם אינהאַלט פֿון אַ פֿריקאַזי אין אַ קעלער־רעסטאָראַן אויף ריווינגטאָן סטריט? קאָן מען באַשרייבן דעם אינהאַלט פֿון אַ פֿאַראַיאָריקן קניש אין פּופּצנסענטיקן פֿרעס־אַנשטאַלט?.. קאָן מען דערגרונטעווען דעם מאָטיוו פֿון אַ קוני־איילאַנדער „קלעם־טשאודער"? איז מעגלעך אָפּצושילדערן די רויע מאַטעריאַלן פֿון אַ „משוגענער קאָלדרע"? איז עס פֿאַר אַ מענטשנס כחות איינצוטייטשן דעם הויכן סימבאָליזם, וואָס ליגט אין אַ זויערער אוגערקע, אָדער די טיפֿע מיסטעריען, וואָס זענען פֿאַרבאָרגן אין אַ בודאַפּעסטער גוּלאַש?.. אַזוי, מיינע הערן, איז אויך נישט מעגלעך איבערצוגעבן דעם אינהאַלט פֿון די ראַקאָוו־מיללערשע „מלחמה כלות".

איך טראַכט ביי מיר: דער חזיר קלויבט זיך אַ ל יי ן אויס זיין בלאָטע. דער אייזל עסט נאָר דאָס שטרוי, וואָס געפֿעלט אים, אָבער דער מענטש, דער ט ע אַ ט ע ר ג יי ע נ ד ע ר מענטש, — אַזוי מיינען די דירעקטאָרן — איז נישט קיין חזיר — ער עסט אַ ל צ ד י נ ג!

די „מלחמה כלות" גייען אויף די פּיס פֿון יידישקייט —

פון יידישלעכקייט. זיי דאַרפן רעדן אין נאָמען פון די ליידן
פון דעם יידישן „פּאָליאַק״ און אַפּעלירן צום יידישן „הערץ״.
ווי שמוציק! ברענט דאָרט אַ מלחמה, ציטערן אויסגעשטרעקטע
הענט קעגן הימ , גייט אונטער אַ פאָלק, און מיר — אפשר די
לעצטע, אפשר די איינציקע יורשים פונם שטאַם — מיר נוצן
אויס זייער טראַגעדיע פאַר קאַסע־ערפאָלג. מיר וויינען אויס
ז יי ע ר ע טרערן פאַר סטענדינג־רום, מיר זעצן זיך מיט די
שווער־מעלאָדראַמאַטישע הינטנס אויף דעם פאַרמוטשעטן יידישן
„הערץ״, און קוועטשן דערפון אַרויס — רענדלעך, מ׳קלימפּערט
אויף דער פיבערדיקער „נשמה פון מיין פּאָליאַק״ און קלימפּערן
אַרויס עטלעכע לומפּיקע נדבה־גראָשנס פאַר ז יי און אַ פּוטער־
פּעסל מיט גאָלד פאַר אונזערע פּרינצן פון געשמאַקלאָזיקייט.
מ י ר רעדן אין נאָמען פון כּלל ישראל און מ י ר האָבן נישט
אין זיך אַ פונק פּיעטעט, אַ ניצוץ פון פאָלקס־געטריישאַפט, אַ
ציטער פון רעליגיעזן געפיל. ווייל — לאָמיר ווערן ערנסט אויף
אַ מינוט, מיינע הערשאַפטן!—די יידן זענען אפשר דאָס ג אָ ט ל אָ־
ז ע ס ט ע פאָלק אויף דער וועלט, דעריבער אַרט זיי נישט, אַז
מען שלעפּט אַרויף אויף דער בינע דאָס טליתל, דעריבער קי־
מערט זיי נישט, וואָס יעדער נאַרישער ש מ ו צ י אַ ן רעדט אין
נאָמען פון יידישקייט. דעריבער בלייבן זיי רויק, ווען זיי זעען,
אַז יעדער ליטעראַרישער שוואַרצקינסטלער שלעפּט פון דער נאָז
סטענגעס פון נאַציאָנאַלע ליידן, און יעדער מעלאָדראַמאַטישער
פאַקיר טאַנצט, פּראָפעסיאָנעל, אויף די פייערן פון פאָלקס־טראַ־
גיק, און שטעכט זיי כּלומרשט די ברוסט, מיט פאַפּירענע שפּיזן...
„מלחמה כּלות״ האָבן פון דעסטוועגן א יי ן גוטן מאָמענט,
און דאָס איז דאָס פייער אין סוף פון דריטן אַקט. עס איז
זייער אַ ווויל פייער, כאָטש ס׳איז אַ שאָד, וואָס עס איז נישט
קיין אמתדיקס!.. עס איז אַ פיינער עפעקט און אַ זייער דראַ־
מאַטישער, נאָר די פּיעסע מאַכט קאַליע. ווען מען זאָל שפּילן
דאָס פ יי ע ר אַ ל יי ן, מיט די דעקאָראַציעס, וואָלט עס געווען
גאָר נישקשה פון אַ פּיעסע און מען וואָלט — ווי־עס־איז — גע־
קאָנט אויסזיצן אירע 4 אייביקייטן, אין דער געשטאַלט פון אַקטן.

געשפּילט איז די פּיעסע געוואָרן אַזוי שלעכט, ווי עס פּאַסט פאַר אַזאַ אָפּשיילעך טעאַטער־שטיק. דאָס איז פיין. אי־בערהויפּט פאַרדינען אַ דאַנק די הערן טאָמאַשעווסקי און ראָ־זענשטיין. ביידע גיבן זיך די מי צו שפּילן אַזוי שלעכט, ווי אַזאַ פּיעסע פאַרדינט. די אַנדערע שוישפּילער, כמעט אָן אויס־נאַם, באַמיען זיך אויך צו שפּי.ן אַזוי שלעכט, ווי זיי קאָנען, און דאָס איז זייער שיין פון זיי. ערן־וואָרט! איך בין זייער ערנסט, איבערהויפּט ווער איך ערנסט, ווען איך דערמאָן זיך, ווי דער הער ט. פּאַטשט זיין טאָכטער, מאַדאַם גרינפעלד, אַזוי גראַציעז אויף דעם... אינטעלעקט. דאָס איז זייער פּאַטעטיש און זייער יידישלעך און זייער קינסטלעריש. — ווירקלעך.

*  *
*

...אַז מיר זענען שפּעטער אַריינגעקומען אין דעם דראַמאַ־טישן קאַפע, האָט אונז אַ חבר געפרעגט פאַר וואָס עמעצער פון די יונגע גייט נישט אַמאָל אַרויס מיט אַ פּיעסע, און מיר האָבן געענטפערט, אַז ס'איז נישט נויטיק, ווייל די הערן ראַ־קאָוו און מי.לער זענען שוין אַרויסגעגאַנגען אין 4 אַקטן.

ער האָט פאַרשטאַנען...

# פאַר אירע קינדער

אויטאָר: דר. ה. זאָלאָטאַראָף.
הויפּטשפּילערין: מאַדאַם בערטאַ קאַליש.
טעאַטער: טאָמאַשעווסקים.

פּיעסע מיט אַ קאָנפליקט סייז $4\frac{1}{2}$ און אַ טראַגעדיע סייז 116, גרויסע דראַמע, וואָס שיינט צו זיין גרעסער ווי זי איז, אַ עלדין, וואָס סאַפּאָט אונטער פון צייט צו צייט, און געבע גאָט דאָס עמלעכע צו הערן פון אַפּאָלאָן זאָגענשיין. אַ שמיק, וואָס ענדיקט זיך און דעריבער איז עס גוט.

טאַלאַנט מיינער, פאַרלאָז מיך נישט!

שוין ס׳דריטע בלעטל פּאַפּיר, וואָס איך הויב אָן און איך וואַרף אַוועק, צום טייוול. און פּאַפּיר איז אַזוי טייער, און די קריטיק מוז געשריבן ווערן. די חכמות מוזן געזאָגט ווערן, מיי־נע געערטע, כאָטש ס׳האַרץ איז נישט דערביי. פראַגע: ווו דען איז ס׳האַרץ? ענטפער: ס׳האַרץ איז אַוועקגעפאָרן קיין רוסלאַנד. און עס וויגט זיך איצט אויף די שטורעמדיקע פאַליעס, און עס ליידט פון דער וואַנדער־קראַנקהייט, און ס׳איז אים נישט גוט. ביטע, אַנטשולדיקט. עס הייבט אָן. דער פאָרהאַנג פון מיין נשמה־בינע הייבט זיך אויף. אַ פייערלעכער געדאַנק טרעט אַרויס און פאַרנייגט זיך פאַרן ווערטן פּובליקום. עס ווערט פינסטער אַרום, כדי דער צושויער זאָל קאָנען לייכטער צושויען. דער העלד טרעט אַרויס. אויפטריט: גיפטיקע סאַ־טירע.

מאָנאָלאָג: „פּאַר אירע קינדער״ איז אַנאָנסירט אַלס אַ גרויסע פּסיכאָלאָגישע דראַמע. עס איז אַ גרויסע דראַמע. שוין אַ ביסל צו גרויס. און זי ליגט דערום זייער לעפּיש אויף די אַקסלען פון די העלדן. די דראַמע איז גרעסער פון די העלדן אפשר מיט 150 נומערן, און די העלדן בלאָנדזשען דורך איר, פּלאָנטערן זיך אין איר, וויקלען זיך אין איר אַהין און צוריק און פאַרקערט — און זיי האָבן אַ פּנים, ווי מאַקס לינדער, ווען מען שטעלט אים מיטן קאָפּ אַראָפּ, כדי ער זאָל נישט פאַרלירן די הויזן.

ווייטערער מאָנאָלאָג פון מיין גיפטיקער, אָבער נישט־גאַנץ־געראָטענער, סאַטירע:

„פּאַר אירע קינדער״ הויבט זיך אָן זייער פיין און פּאַרביק, אויף דעם פאַרם פון אַ חברה טרוימער־קאָלאָניסטן, וואָס ווילן פאַרפרייעלעכערן די וועלט, נאָר אָן אַ בריווקאַסטן. איינער פון די קאָלאָניסטן איז הירש גינזבורג. כאַראַקטערשטריכן: אַ באָרד, אַ קאַשקעט, אויסגעטראָגענע הויזן. אויפטריט זי, די העלדין, הויך, שלאַנק, פיינפאַרקאַמט, רויזרויטע פינגערשפּיצן, פיילכענאויגן, ראָזענגעקיסטערמונד, גראַציע, וואַלעסקאַסוראַט. אַנטקעגן איר: באָריס דאַנציג. פיינער נאָמען — „דאַנציג״! עלעגאַנט, הויכגעוואַקסן ווי אַ פּאַלמע. ליבע פון דער כלהס צד. חתנס שוואַך, נישטאָ גענוג פייער, וויל איינגיין אויף אַ פּשרה: אַלע ד ר יי צוזאַמען.

נאָר ז י וויל נישט. דערצו איז זי צופיל סאַפאָ, און ער? אַפּאָלאָנזאָנעשיינט ער? יאָ. מער־ווייניקער. מען באַשליסט: אַוועקגיין. ברעכט אויס אַ ווילד פייער, וואָס דאָס איז מסתמא אַ משל קעגן דעם ליבעספייער וואָס פאַרניכטעט די בוימער פון לעבן, און—היט זיך פאַר פייער, היט זיך פאַר פייער! (ציטאַטע).

אין צווייטן און דריטן אַקט זעען מיר די שלאַנקע, די גראַציעזע, די וואַלעסקאַסוראַטנע העלדין, מיט דעם שלעפעריקן, עלטערן מאַן און מיט די קינדער. זייטיקע פאַרשוינען: עפּעס אַ ייד, וואָס קוקט אויס ווי אַ תלמוד־תורה־מלמד און איז אַ סימבאָל, אַן אָנווינק אויף דעם ציוניזם פון אונזער ראַדיקאַלער גאַס

און עפּעס אַ פּלייצע־אָן־וואַנט־רייבנדער אוריאַל־מעפיסטאָ, וואָס רעדט הייזעריק־מיזאַנטראָפּיש, און ער האַסט די מענטשהייט, מיט אַלערליי אַפּאָריזמען — געלונגענע און אַנדערע.

„די גרויסע פּסיכאָלאָגישע דראַמע" גייט אַרום מיט ג ר ו י ס ע פּיס, איבער די ברעטלעך פון דער בינע, פאַרטשעפּעט זיך אָן זיך זעלבסט, פאַלט, הויבט זיך אויף, גייט ווייטער, מיט רומאַנטישער אָנשטרענגונג, מיט גייסטיקער האַרצקלאַפּונג, און דו קוקסט אויף דיין זייגערל דעם גאָלדענעם, לייגסט עס צו צום אויער און דו טראַכסט, אַז די דאָזיקע דראַמע איז אַבסאָלוט די ג ר ע ס ט ע דראַמע, וואָס דו האָסט ווען עס איז געזען. אָדער אפשר גייט דאָס זייגערל צו שנעל?

„פאַר אירע קינדער" איז אַן ע ר ל ע כ ע ר פ אַ ר ז ו ך. צום דאָנערוועטער! פאַרזוכט נישט ערלעך, פאַרזוכט פאַלש, באַטריגעריש, קאָמיש, נאָר — פרישט אָפּ אַ ביסל מיין האַרץ. קלאַפּט אַ ביסל אָפּ דעם שטויב פון מיין לאַנגווײלע. אייערע פּראָבלעמען, די ליבע. באַ! אייער מיסטעריע, דאָס ווייב! באַ! צום צווייטן מאָל. איך זע טיפער ווי דאָס. מיין פּסחדיקער מעד איז אַ — רעטעניש. יעדער כרעמזיל איז אַ מיסטעריע, און אַלצדינג אין דער וועלט, פון ראַנדאָלף הוירסט ביז קייזער ווילהעלם איז אַ פּראָבלעם. און אויב אירווילט מיך שלאָגן איבערן קאָפּ, מיינע הערן, — נו גוט! טוט עס, אָבער טוט עס מיט אַ נאַקעטן ה אַ מ ע ר, מיט מעלאָדראַמע, אָבער קלאַפּט מיך נישט איבערן קאָפּ מיט אַ האַמער, וואָס איז אַרומגעוויקלט מיט דער וואַטע פון הומאַניטאַרע געפילן, פון עדעלקייט, פון קונסט! און אויב איר ווילט מיינע טרערן, נעמט זיי, בעכערווייז, אָבער מעלקט נישט מיינע גייסטיקע אויגן מיט די אומגעלומפּערטע פינגער פון אַ דילעטאַנט! שלאָגט נישט די פּוטער פון מיין סענטימענטאַליטעט, מיט די הוילע הענט. טוט עס מיט אַ מאַשינע. עס איז עקאָנאָמישער און שנעלער.

„פאַר אירע קינדער" איז אַ דראַמע פון — מאָרגן. גוט. זאָל מען זי (אַלעמאָל) שפּילן מ אָ ר ג ן. נישט היינט. די פּיעסע איז נישט צום אויסלאַכן. זי איז א ו נ ז ע ר נאַר. זי איז „ליטע־

ראַטור״ און צו וואָס זאָל מען מאַכן דער ליטעראַטור אַ שם־פּאַר אַ פאַרשלאָפענער יידענע, וואָס שטריקט אַ זאָק און שמעקט טאַבעק, מיט דער לינקער זייט פון דער האַנטפלאַך, ווי אַ מאַנסביל?

מאַדאַם קאַליש האָט, אין איינקלאַנג מיט דער פּיעסע, געשפּילט „די פרוי פון מאָרגן״. אָבער צו וואָס שפּילן אַזאַ פרוי היינט, אין אַזעלכע אומרויקע און העכסט־אינטערעסאַנטע צייטן? און וועכ׳ען גייט עס אָן די ליידן פון אַ ווייבערשן וואָקינג־דעלעגאַט, וואָס .יידט דאַדורך, וואָס זי האָט נישט ליב דעם מאַן! און ביטע צו ענטפערן דורכן בריווקאַסטן. וואָרום לעבט זי נישט מיט די אַ נ ד ע ר ע מאַנסבילן? וואָרום נישט מיט שטריקערן, דעם אַפּאָריזמען־זאָגער? פאַר וואָס נישט מיט באָריס דאַנציג? און פאַרוואָס וויל זי די טאָכטער נישט דער־קענען? זי איז דאָך אַזאַ העכסט דעקאָראַטיווע מוטהער! און אַזוי שלאַנק און גראַציעז! און צו וואָס די אַטמאָספערע פון האַרצשווערקייט, וועלכע וואַקסט אַרויס פון דעם סופליאָר־קעסטל, מער ווי פון דער סיטואַציע? און וואָרום דעקלאַמירט די מאַדאַם קאַליש אַזוי בראָדווייאיש? און פאַרוואָס איז איר יעדער שמייכל אַ גנאָד־צום־פאָלק־ישראל? און יעדער זשעסט אַזאַ אומענדלעכקייט? און פאַרוואָס אַזוי ביבל־ש אין טאָן און אַזוי איבער־רייך אין האַלטונג? פאַרוואָס איז אייער יעדער בליק אַ 33־און־אַ־דריטל פּראָצענט פון דער נעט־איינגאַמע, אָ, קאַליש! און פאַרוואָס איז אייער יעדער האַנטבאַוועגונג אַ רמז אויף דעם שטאָלצן משיח, וואָס קומט אויסלייזן זיין פאָלק — אָ, ערנוויר־דיקע קאַליש! און פאַרוואָס פאָרן אייערע ווערטער אויף פּרעהס רייטוועגן, אָ, טאַלאַנטירטע און גראַציעזע מאַדאַם קאַליש? און פאַרוואָס געווענט איר זיך נישט אָפּ פון אייער שוואַכקייט צו לעזן לעקציעס דעם פאָלק ישראל, אָ, לעמבערגער מאַדאַם קאַליש?

*   *

*

עס האָבן געשפּילט: בערטהאַ גערסטאָן, זייער בעסער.

גאָלדענבורג,—קונציק־פיין. בלאַנק,—יידישלעך־געשמאַק. בן־עמי,—אינטעליגענט־פיין. שאַכט,—דייטלעכע דיקציע.

די איבעריקע דאַמען און הערן האָבן אויך געשפילט, נאָר איך האָב נישט געהאַט קיין געדולד זיי צו באַוואונדערן.

צום שלוס: פון דער גאַנצער פיעסע איז מיר צומבעסטן געפעלן די כינעזישע טיי, וואָס איך האָב געטרונקען נאָך דער פאָרשטעלונג, אין דער אינטערעסאַנטער געזעלשאַפט פון אַ דאַ־מע, וועמעס נאָמען איך קאָן דאָ נישט דערמאָנען. עס איז פראַנצויס אַדלער.

# הערדאַ גאַבלער

אוטאָר: הענריק איבסען.
טעאַטער: פּריימוס.
הויפּטשפּילערין: מאַראַט נאַזימאָווא.

דער פעלדמאַרשאַל פון מיין פּריוואַטן גליק, דער אויבער־קאָמאַנדיר פון מיין לוקסוסדיקן לעבן, דער קאַפּיטאַן פון מיין פּרנסה־יאַכט, האָט צו מיר געזאָגט:

— גייט און זעט און הערט און שטוינט און ווערט נאָר נישט מיד צו שטוינען איבער דער איבער־פּאָסט־סופּער־אולטראַ־גראַנדיעז־וואונדערבאַרער מאַדאַם נאַזימאַווא, וועלכע הערדאַ־גאַבלערט לויט דעם אַלטן הענריק, וויוואַט!

בין איך געגאַנגען און געזען און געהערט און נישט געשטוינט און כ'בין גאָר נישט מיד געוואָרן נישט צו שטוינען איבער דער מאַדאַם נאַזימאָווא, וועלכע געפעלט מיר נישט, דערפאַר, וואָס איך האָב זי נישט ליב, און וואָס איך האָב זי נישט ליב דערפאַר, וואָס זי געפעלט מיר נישט, און וואָס עס געפעלט מיר זי נישט ליב צו האָבן דערפאַר, ווייל עס געפעלט מיר אַזוי.

האָרכט, איר ברידער פון דער קריטיק! נעמט אַרונטער די שווערדן פון אייערע לענדן און לאָמיר גיין אויף אַ דועל דערפאַר וואָס איך דערוועג מיך צו זאָגן, אַז אייער געליבטע מומע איבסען איז שרעקלעך לאַנגווייליק.

סעקונדאַנטן! דער שטריק הענגט מיר שוין אויפן האַלז, דער קאָפּ מיינער שטעקט שוין אויפן האַלז, דער קאָפּ מיינער

שטעקט שוין צווישן די גילאָטין־מעסערס, די באַיאָנעטן זענען שוין געצילט קעגן מיין ברוסט; אָבער — שרעק איך מיך דען איבער? ווער איך דען טויט און צעדאָקטאָרוואָרטסמאַנס? בין איך דען געבוירן אין פּייגלינגיא?

ניין, איך בין העלדיש און בראַוו און מעדאָלפּעיק. אין די שוידערהאַפטע מינוטן פון מיין אויסגעצויגענעם לעבן לויף איך מוטיק און שטאָלץ אַרונטער אין קעלער אַריין און איך רוף אויס:

נידער מיט איבסען! אַרונטער מיט העדא גאבלער!

* *

*

זאָג איך אַלזא, אַז העדא גאבלער איז נישט קיין מייסטערווערק? ניין, איך זאָג נישט, אַז העדא גאבלער איז נישט קיין מייסטערווערק, איך זאָג נאָר אַז ס'איז אַ גראָע אָפּשפּיגלונג פון אַ נאַרישן שפּיגל, וואָס שטייט לעבן אַ שפּיגל און שפּיגלט זיך. עס איז אַ שרעקלעך־קאָמפּליצירטע איינפאַכקייט, וואָס איז מיט גרויס פיין און פּינקטלעכקייט צונויפגעשפּיגלט געוואָרן פון אַלע עקן וועלט. עס איז זיבן־אַכט־ניין־הונדערט מייל לאַנגווײַלע, פּאסטאָריזירט און סטערעליזירט און אויסגעקאָכט — כדי עס זאָל זיי נישט שימלען. עס איז אַ קאָנדענסירטע סימפּאָניע פון אַלע אויסגענוצטע געגעצן פון דער גאַנצער וועלט. עס איז אַ גרויסער, מעכטיקער, ערהאַבענער, שרעקלעכער, גרויזאַמער, וועלט־איינשלינגענדער געניק, וואָס ווערט נאָר לאַנגווײַליקער דורך דעם, וואָס מען זעט נישט אָן דאָם קאָמישע אָדער ערנסטע פּנים פון דעם מענטשן וואָס געגעצט אַרויס דעם דאָזיקן „אוהא!"

וואָס איז די מעשה מיט העדא גאבלער? די מעשה מיט העדא גאַבלער איז, וואָס העדא לאַנגווײַליקט זיך און ציט זיך און לייגט זיך שלאָפן און שטייט ווידער אויף און לייגט זיך ווידער שלאָפן. יעדעס וואָרט וואָס העדא גאבלער רעדט אַרויס— דורך דער מאַדאַם נאזימאווא — איז אַ קעניגלעכע מתּנה צו דער מענטשהייט. העדא גאבלער איז — וואָס מ'רופט אין אונזער שיינעם גאַליציענ.אַנד — אַ „שלעפּיל", אַ צעקראָכענע, אַ פוילע

אַ שלעפּעדיקע — אַ ש ל ע כ ט ס ביז גאָר. זאָל דער אויבערשטער אָפּהיטן, וואָס דאָס ווייבל צעאַרבעט! זי האָט פּיינט איר מאַן (וועלכער שפּילט אויסגעצייכנט!) און האָט נישט ליב איר געליבטן, וועלכן זי האָט אַמאָל מסתּם א ו י ך נישט זייער שטאַרק ליב געהאַט. זי איז אינטריגאַנטיש און האָט נישט ליב דעם אינטריגאַנט. זי איז אַ שלעפּעריקע, פאַרשלעפּערענדע דאַמע — אפשר אַ ביסל פּריציש דעגענערירט, אפשר אַ ביסל היפּער־עסטעטיש, אָבער אַ פילפאַכער גאָרנישט — שרעקלעך איבערטריבן. זי האָט נישט קיין פרייד, קיין טרוים, קיין ווילן, קייןליידנשאַפט, און איז פול מיט דער טיפער מיסטעריע פון אַ ליידיקן צירונג־קעסטעלע, וואָס דער קלוגער באַלעבאָס האָט אומישנע פאַרשלאָסן אויף זיבן שלעסער, כּדי מ'זאָל מיינען, אַז דאָרט ליגט באַהאַלטן אַ געגנבעט קעניגרייך.

העדא גאַבלער לייגט זיך, העדא גאַבלער שטייט אויף. העדא גאַבלער איז מיד. העדא גאַבלער וויל עפּעס! אָבער העדא גבלער קאָן ליידער נישט קריגן דעם ריכטיקן ע פּ ע ס י אָ ־ נ ע ר, איז איר עפּעס אַזוי, און עפּעס אַזוי, און וואָס זאָל זי טון? העדא גאַבלער לייגט זיך, העדא גאַבלער שטייט אויף, העדא גאַבלער ציט זיך, ציט זיך, ציצא—ך!!! ביז וואַנעט זי ציט אויס עפּעס אַ שווערע פאַרשלאָפענע טראַגעדיע מיט פּליטערלעך, גאָלדשפּריצלעך און דימענטלעך.

אז העדא גאַבלער דערפילט, אַז זי קאָן נישט לעבן מיט איר אויסגעצייכנטן, אידיאָטישן מאַן — דעם פּראָפעסאָר, באַשליסט זי, אַז זי וועט הרגענען ד י צ י י ט מיט אַ רעוואָלווער. העדא שיסט! העדא שמייכלט מיט אַ קרום, קאַלט שמייכעלע פון 72 גראַד אונטער נול. העדא לאַנגווייליקט זיך ווי אַ גרעפין, און אַז עס קומט איר אַמאָליקער געליבטער דער שריפטשטעלער, וואָס האָט אָנגעשריבן דאָס ג ר ו י ס ע ו ו ע ר ק — דערוואַכט אין איר די אַמאָליקע פאַרשלאָפנקייט און זי ווייסט נישט וואָס זי זאָל טון. העדאס גרין־ב.אַסע דעקאָראַטיווע נשמה שטייט ווי אַ פּאָפּוגאַי אויף איין פוס און פלאַטערט מיט אַ פליגל און ווערט אַנטשלאָפן — רעדנדיק. העדא האָט אויך זייטיקע צרות־

און־נחת פֿון איר פֿרײַנט ריכֿטער בראָק, װעמען זי האָט ליב — מיט אַ שרעקלעכֿער שׂנאה. העדאַ נעמט אַרײַן צו זיך אין שטוב אַרײַן די איצטיקע געליבטע פֿון איר אַמאָליקן געליבטן. דער לעצטער קומט אױך צו איר אין שטוב אַרײַן — נאָך דער־לײזונג. העדאַ הומאַניזירט װעגן איר געזונקענעם געליבטן, װען ער גײט אַװעק. זי זאָגט: ער װעט קומען מיט װײַנ־רעבן אין די האָר. לאַרבאַרג גײט אַװעק און שיכּורט און פֿאַרבּרענגט זיך מיט דער רױטער פֿרײַלין און — װערט סקאַנדאַליזירט. ער פֿאַרלירט דעם מאַנוסקריפּט פֿון זײַן בײַעם נאָך־נישט־געדרוקטן בוך, און העדאַס מאַן געפֿינט אים, און גיט דעם אוצר צו העדאַן. דער געליבטער קומט ענדלעך צו העדאַן אין שטוב אַרײַן שיכּור, צעקנײטשט, דערשלאָגן, און אָן װײַנרעבן אין די האָר. ער מײנט, אַז ער האָט פֿאַרלױרן דעם מאַנוסקריפּט. ער רעדט װעגן זײַן קינד, װאָס ער האָט דערמאָרדעט מיט די אײגענע הענט. אָבער העדאַ זאָגט אים נישט, אַז זי האָט דאָס קינד — דעם מאַ־נוסקריפּט הײסט דאָס. אדרבא, זי מאַכֿט זיך נישט װיסנדיק. העדאַ גיט אים אַ רעװאָלװער און זאָגט אים, ער זאָ, זיך אַרײַנ־שיסן אַ קױל אין דער פֿינפֿטער עװעניו געגנט פֿון זײַן לײַב. באָרטו עס אױף אַ שײנעם אופֿן, זאָגט זי — די גע־לאַנגװײַלטע! די עקלהאַפֿטע! דער סוף איז, אַז ער װערט גע־שאָסן פֿון דער רױטער פֿרײַלין און דװקא נישט אין האַרץ. װי העדאַ װינשט עס, נאָר ערגעץ אַנדערש. דאָס קאָן שױן די איבער־עסטעטישע העדאַ נישט אױסהאַלטן און נאָך אַ לאַנגן און שלעפּעריקן גאָרנישט־טון — שיסט זי זיך אין האַרץ אַרײַן, מיט אַ טרוקענעם שאָס, װאָס צערײַסט נישט ס׳קלײד, װײַל ס׳איז נישט שײן פֿאַרן אױג!

מאַדאַם נאַזימאָװאַ אין איבסענס העדאַ גאַבּלער איז פּונקט װי אַ פֿראָסט, װאָס איז פֿאַרפּאַסט געװאָרן פֿון אַ װײַסן בער און װערט געשפּילט דורך אַ זאַװערוכֿע. מאַדאַם נאַזימאָװאַ איז אַ שנײשטורם, װאָס איז געפֿראָרן געװאָרן אין מיטן גײן. זי איז אַ געלונגענע לװיה אין פֿיר אַקטן, אױפֿגעפֿירט צום בענע־

פיט פון אַלטע מתים און געשפּילט פון אַ מצבה.

אין נאזימאָוואס העדא גאבלער איז פאַראַן שטילע עלעגאַנץ, מאַניערן, אפילו ווייסע שיינקייט, אָבער — עס איז אַזוי פארדאמט פינקטלעך, אַזוי קאָרעקט, יעדע זאַך איז אַזוי שרעקלעך אויפן אָרט, ווי אין יאשא חפצס ווונדערבאַרן, אומעגלעכן, געטלעכן, נידערטרעכטיקן פידלשפּיל. איבסען טויט נישט כדי צו באַשאַפן, כדי א י ב ע ר צ ו ש אַ פ ן, כדי אויסצובעסערן, נאָר ער באַשאַפט דאָס שוין־באַשאַפענע. ער גיט דיר דעם מענטש אַזוי ווי ער איז, נאָר ער סערווירט אים מיט א יי ז. זיין העלד — דאָס איז נישט נ אָ ך אַ מענטש אין דער סומע פון מענטשן, נאָר דאָס איז ד ע ר מענטש. ער איז דער פיל־באַקאַנטער, סינטעטישער מענטש, אַרויפגעטריבן אויף דער בינע מיט אַ שאַרפער פעדער־בייטש. עס איז דער דרויסן — פאַרשטובט. אָדער די שטוב — פאַרדרויסנט. עס איז רעאַראַנזשירונג — נישט שאַפונג. דער געערטער הענריק פון נארדלאַנד טוט באַפרוכטן זיין געליבטע פריילין טעמא נישט פערזענלעך, נאָר דורך אַ שליח, דורך אַ אידעע. ער אַליין האַלט זיך ריין, נישט־באַפלעקט, יונגפרוילעך, אָביעקטיוו. נישט ווי זיין תלמוד בערנאַרד שאו, וועלכער לאָזט אָפן אַלע פענסטער פון זיין דראַמאַטישער געביידע און אַזע מאָל קוקט ער אַריין אַזוי פאַרשייט, זען וו אָ ס ס ע ה ע ר ט ז י ך. ביי איין העלד מאַכט ער צורעכט דעם קאַפעליוש, דעם אַנדערן גיט ער אַ שנעל אין נאָז, אַ דריטן גיט ער אַ גלעט איבער דער באַק און ער שילט, זידלט זיך, בענטשט, רעקלאַמירט זיך און לאַכט און פאָכעט מיט זיין רויטער באָרד, און ביז וואַנען ער ווערט פאַרטיק מיט דער אַרבעט, איז זיין גאַנץ פיינע, דראַמאַטישעווירטשאַפט רויִנירט און די קאַץ ליגט אויפן שרייב־טיש, און ס׳ברענט ערגעץ אַ פאָרהאַנגל און אַלצדינג איז אין אַזאַ רייכער, מענטשלעכער, ווונדערבאַרער אומאָרדנונג!

אָ, ווי איך פלעג זיך בעטן ביי דעם אַלטן הענריק. ה ע נ ר י ק י ב ס ע ן, פלעג איך אים זאָגן, הער אויף צו פינטלען מיטן אויג ביי יעדן וואָרט, וואָס דו שרייבסט אָן. הער אויף צו זאָגן

די איינפּאַכסטע, טאָגטעגלעכסטע זאַכן אין אַזאַ טאָן גלייך ווי עס וואָלט געווען אַ שרעקלעך געהיימעניש. הענריק טייערער, פּלעג איך מיך בײַ אים בעטן, העלף מיר אויף צו זאָגן גוט מאָרגן אין אויער אַריין און העלף מיך אַרונטערצורופן אין קעלער אַריין, כּדי מיר צו זאָגן, אַז ס׳איז שוין עלף דער זייגער און אַז די קאַווע שמעקט דיר זייער גוט! אָבער דער אַ.־טער האָט מיך נישט געהערט. ער איז אַריין אַלץ טיפער און טיפער אין דער סודות־אינדוסטריע לימיטער — פּונקט ווי נאָר סודות אַליין וואָלטן געווען סודות!

דאָס גאַנצע שטיק איז זייער ענלעך צו דער מאַדאַם באַזימאָווא אין דריטן אַקט, ווען זי ציט אַלץ די זיידענע קימאָנאָ און ציט זי אַרויף ביז צום האַלז — ביז צו דער נאָז, און נאָר זי ציט די אָרעמע קימאָנאָ — כאָטש מ׳זעט אַזוי אויך גאָרנישט אַרויס, און כאָטש ווען מ׳זאָל אפילו אַרויסזען וואָס־נישט־איז, וואָלט מען אפשר געזען, אַז ס׳איז גאָרנישטאָ עפּעס אויסערגעוויינלעכס אַרויסצוזען. אַזוי טוט אויך מיין יוגנטפריינט איבסען: ער ציט און ציט אויף זיך דאָס דראַמאַטישע קלייד און דעקט זיך צו, און וויקלט זיך איין, און פאַרקנעפּלט זיך און ער ציט און ציט די גייסטיקע קימאָנאָ ביז צו די באַקנבאָרד אַרויף, ביז צום היטל.

— — — — — — — — — — — —

סעקונדאַנטן! דער דועל איז צו ענד. איר קאָנט שוין גיין אַהיים. לאָזט וויסן מיין שוועגערין פון הארלעם, אַז איך ליג טויט און פאַרוואונדעט אויפן שלאַכט־פעלד, און זעט אַז מיינע פּערזענלעכע קינדער זאָלן זיין פאַרזאָרגט מיט אַלדעסגוטס, און 35 פּראָצענט פון די פּראָפיטן פון מיין לויה זאָלן גיין פאַר מיין אינדישער געליבטער פּרינצעסין נע־קאָ־מע.

# דער גייסט פון שטאָט

אויטאָר: אָסיפ דימאָוו.
הויפּטשפּילער: ס. גאָלדענבורג.
טעאַטער: טאָמאַשעווסקיס.

עמיגראַנט: קיינמאָל וועל איך עסן מענטשנפלייש און טרינקען מענטשנבלוט.

גייסט: עס קומט די שעה און דיינע האָר וועלן ווערן גרוי און דיינע קינדער וועלן אַריין אין לעבן, דעמאָלט וועלן מיר זיך טרעפן און דעמאָלט וועלן מיר צוזאַמען מאַכן דער לעצטן חשבון. דו וועסט מיך נישט דערקענען, אָבער מיר וועלן זיך נאָך טרעפן. (פאַרשווינדט)

און כך הוה. אַזוי איז געווען. דער פּראָלאָג האָט נישט אָפּגענאַרט. טאַקע עפּעס ווי דאָס האַרץ וואָלט אים געווען געזאָגט, דעם פּראָלאָג, אַז סע וועט זיך אַזוי אויסלאָזן. דעם עמיגראַנט, טאָמאַשעווסקיס קינדער וואַקסן אויס אין געשטאַלט פון פריילין גערסטאַן, בן־עמי און מאַדאַם לאַקסער. אַלע זייער ווילדע, טעאַטערשפּילענדער קינדער. אונדי דאָזיקע קינדער הייבן אָן אַריינצוגיין אין לעבן שוין באַלד אין ערשטן אַקט. בערטא גערסטאָן גייט אַריין אין לעבן דורך דער פאָדערשטער טיר רעכטס און מיט אַ גרינג געמיט, און מיט חנעוודיקע לאָקן. בן־עמי גייט אַריין אין דעמזעלבן לעבן מיט גרויס פּאַרטיפּטקייט און סטודענטישקייט. די מאַדאַם לאַקסער טרעט אַריין אין דעם געטלעכן לעבן מיט גוטער אויפפירונג און מיט סימפּאַטיע. און די איבעריקע שוישפּילער פון

טאָמאַשעווסקיס נאַציאָנאַלן נעשאָנעל טעאַטער, טרעטן גלאַט אַזוי־
אַרײַן אין לעבן, דורך פֿאַרשיידענע טירן און תּירוצים. ראָזנ־
שטײן איז, למשל, אַ חתן פֿאַר פֿרײַלין־מאַדאַם לאַקסער. רובין
איז דער אַלגעמײנער פֿעטער פֿון דעם מענטשנס לעבן און אַ
גרויסער שלעמיעל. מאַדאַם עפּשטײן איז דעם לעבנס אַן אײ־
גענע ווײַב. גאָלדנבורג איז דער גײַסט אַלײן, און לאָז מען,
אדרבא, פּרוּוון און אים נישט אַרײַנלאָזן אין לעבן אַרײַן, וועט
זיך טון חושך!

הכּלל: ערשטער אַקט. האַמער דער שטאָט־גײַסט האַ־
מערט זײַער גאָלדנבורגיש. זײַער שפּיציק. זײַער קונציק. ער
דערשײַנט אין דער געשטאַלט פֿון אַ בלאַסער אידעע. שוואַרץ
אָנגעטון. פֿײַנער גרים. זעלטענער פֿאַרוק. און ער רעדט נישט
מיט קײן ווערטער נאָר מיט דיקציע. טאָמאַשעווסקי איז שוין
פֿריער אַרײַנגעקומען, אָנגעטון ווי אַ קעניג פֿון סעקאָנד עווע־
ניו, און כאַפּט זיך בײַם קאָפּ. באַלד געפֿינען מיר אויס, מיט
דער הילף פֿון אַ קאַפּעטשקע מוזיק, אַז טאָמאַשעווסקיס שותּף־
אין־געשעפֿט האָט זיך איבערגעשניטן דעם האַלז, ווײַל דאָס גע־
שעפֿט איז געגאַנגען שלעכט, און ער (דער שותּף) האָט שפּע־
קולירט (ווי דאָס פּראָגראַם־ביכל זאָגט) הינטער זײַן רוקן, און
אים, טאָמאַשעווסקין, איז פֿון גאַנצן פֿאַרמעגן געבליבן נישט
מער ווי אַקציעס אין דער „וועסט אמעריקאַן קאָמפּאַני" מינען,
וועלכע זענען איצט גאָרנישט ווערט. לײַכטער דרינזשע פֿון
קעסלפּויק. דער גײַסט ערשײַנט מיט דיקציע און זאָגט טאָמאַ־
שעווסקין, ער זאָל נישט פֿאַרקויפֿן די אַקציעס, ווײַל זײ וועלן
זיך באַלד שטאַרק אויפֿהויבן צוזאַמען מיט פֿאָרהאַנג 2.

אין צווייטן אַקט זעען מיר ווידער דעם גאָלדנבורגישן
שטאָט־גײַסט בײַ זײַן אַרבעט. און ער אַרבעט נעבעך זײַער
שווער, דער שטאָט־גײַסט! שווערער פֿון אים אַרבעט אפֿילו נישט
די קעסלפּויק פֿון דער יידישער טעאַטער־קאַפּעליע, אָדער די
נאָז־פּאַטשײלע פֿון אַ יידישער פּרימאַדאָנע.

קורץ און גוט, אָדער לאַנג און שלעכט, עס געלינגט אים
איבערצוקערן דאָס לעבן מיט די פֿיס אַרויף. ער, דער ווײל־

רעדעווודיקער שטאָטגייסט, שמועסט איין דער אַלטמאָדישער מאַדאַם עפּשטיין, זי זאָל אַוועקוואַרפן ס׳טייטש־חומש און זיך נעמען צו עפּעס אַנדערש. ער רעדט איין דער נאַיווער גערסטאָן מיט די שענע, גאָט־געבענטשטע לאָקן, זי זאָל זיך פאַרליבן אין איר שוועסטערס חתן, ראָזנשטיין. ער ב אַ וו ע ג ט בן־עמין, ער זאָל אונטערשרייבן זיין פאָטערס טשעקס. ער באַווייזט ראָזענשטיינען, אַז זיין כ ל ה, די מאַדאַם לאַקסער, איז שוין אַן עלטערער מענטש, און אַז בערטא גערסטאָן איז ברונעטער פון איר. ער רעדט איין דער לאַקסער, זי זאָל נעמען פּראָשקעס צו באַרויקן די נערוון. ער איבערצייגט טאָמאַשעווסקין, וועלכער איז שוין איצט אַ מיליאָנער, אַז ער דאַרף זיך נישט ערגערן צוליב דעם, וואָס זיין גליק איז די אַרבעטערס אומגליק. און באַלד הויבט אָן צו רעגענען מיט פּרוכט פון דעם שטאָטגייסטס אַרבעט. לאה־לאַקסער פאַרגיפטעט זיך מיט דעם געוויסן פּראָשעק; איר פאָטער שטיינמאַן־טאָמאַשעווסקי דערהאַלט אַ טעלעגראַמע, אַז די אַקציעס פאַלן. בן־עמי מאַכט אָריגינעלע חובות, נאָכמאַכנדיק די אונטערשריפט פון זיין פאָטער. די מיסעס שטיינמאַן־עפּשטיין גיט איבער איר לעצט ביסל זילבערוואַרג צום שטאָטגייסט, ער זאָל פאַר איר באַצאָלן די קאָרטן־חובות. בערטא גערסטאָן איז פאַרפירט און אומגליקלעך מיט אַלע כחות. שטיינמאַן אַליין שניידט זיך איבער דעם זינגערישן האַלז מיט אַ בריטווע און עס ערשיינט דער גייסט פון פּראָלאָג, רעדט מיט אַ האַרטן ר י ש און ס׳איז געענדיקט.

פון דעם אַלעמען, וואָס מיר האָבן דאָ איבערגעגעבן איז צו זען צוויי זאַכן: 1) אַז מען קאָן יעדע פּיעסע אַזוי איבערדערציילן, אַז זי זאָל קלינגען ווילד און משונה, און 2) אַז די פּיעסע איז נאָך אַלעמען נייער און בעסער, דראַמאַטישער און אידעישער פון פיל אַנדערע שטיקער. עס איז דאָ געדאַנקלעכקייט. עס איז אַן אינטערעסאַנטער שפּיל פון דרויסנדיקייטן און צופאַלן, באַלויכטן דורך דעם רויטן לאַמטערן פון אַן אידעע. עס איז אַ שטיק, וואָס ווען מ׳זאָל עס שטעלן אַ ביסל ע ר נ ע ר און שפּילן אַ סך שוואַכער ווי מען שפּילט עס, וואָלט עס גע־

קאָנט האָבן אַ גרויסן ערפאָלג אפילו ביי אונזער יידישן עולם־
וועלכער איז ע ו ל מ ד י ק ע ר פון אַלע עולמס, ווייסט גאָט!

* *
*

טאָמאַשעווסקי האָט זיך גאַנץ גוט אויפגעפירט אויף דער בינע. זיין שלאָף־ראָק איז, ווי תמיד, פון פיינעם מאַטעריאַל און זיין האַלטונג איז קעניגלעכע, שוין אַ ביסל צו קעניגלעך פאַר אַ פראָסטן יידן, וואָס הייסט ש ט י י נ מ אַ ן און טראָגט אַ שלאָף־ראָק. גאָלדנבורג איז געווען זייער גוט, זייער אינטערפּרעטאַטיוו, זייער פאַרטייטשנד. דורך די שולטער־בלעטער פון זיין כאַראַקטער האָט דייטלעך אַרויסגעשטעקט די אידעע, דער סימבאָל. דאָס איז נישט געווען קיין טייוול, נאָר דאָס טייוולישע; און געאַרבעט האָט ער ווי אַ בייזער געדאַנק, ווי דער געדאַנק פון זינד, אַזוי פלינק, אַזוי בויגיק, אַזוי גראַציעז, אַזוי קונציק, אַזוי פלייסיק, מיט אַזוינע חידושלעכע גענג, מיט אַזוינע וואונדערלעכע טענער. נאָר איין חסרון: ער האָט אַ ביס. אַ ר י ב ע ר ג ע־ ש פּ י ל ט, זיך אַ ביסל איבערגעפלייסט. ער איז אין געוויסע מאָמענטן אַזוי אומגעהויער טעכניש־קלוג, אַז ס'איז אַזש אַרויסגעקומען נאַרישלעך. ער איז געווען אַזוי קונציק־פלינק, אַז מ'האָט אַזש דייטלעך געקאָנט אָנווייזן מיטן פינגער, ווי אַזוי ער מאַכט דאָס. דער אַלטער כלל: דער ווייטסטער ברעג פון מזרח איז מערב.

זייער גוט איז געווען רובין אַלס דער שלים־מזלדיקער פעטער מאָטיע, וואָס אַלע מיטוואָך זאַאיקעט ער זיך אַ ביסל און אַלע מאָנטאָג רעדט ער שלעכט ענגליש. די דאָזיקע קאַריקאַטור־צייכענונג איז פון רובינען אַרומגענומען געוואָרן מיט אַזאַ ברייטן ראַמען פון ערנסטער פאַרשטענדניש, כמעט פון טראַגיק, אַז דאָס אויג האָט אויף דעם בילד נישט געקוקט, נאָר אויף דעם ראַמען.

בן־עמי איז געווען זייער נאַטירלעך (ער איז בטבע אַ

בלאַסער!) אין דער ראָלע פון סטודענט. גוט איז ער נאָר גע־
ווען אין דעם מאָמענט, ווען ער כאַפּט זיך אַרום און מאַכט
אַנאַטאָמישע שטודיען אויף זיך אַליין. מאַדאַם לאַקסער איז גע־
ווען צופרידנשטעלנד. גאָט ווייסט, אַז איך שטעל זיך צופרידן
מיט זייער ווייניק!

# טיר נומער 3

אויטאָר: לעאָן קאָברין
טעאַטער: קעסלערס

קאָברינס „ט י ר  נ ו מ ע ר  3" איז אַ זייער הילצערנע זאַך. שטעקט אפשר אַ סימבאָל אין דעם נאָמען „טיר"? ווער ווייסט? איך ווייס נאָר, אַז דאָס שטיק איז טרוקן ווי אַ ט י ר און פּונקט אַזוי פּ י ק אַ נ ט. אַז די שפּראַך איז מאהאָגעני. די סצענעס זענען עצי גופר — פּימסנהאָלץ. די דראַמאַטישע האַנדלונג איז שלאָפּצימער־מעבל (איבערהויפּט „מ ע י ב ע ל"!) און די מענטשן אַליין זענען פריש־אָפּגעפּאַרבטע הילצערנע גולמס, וועלכע דער פּאַרפאַסער, אָדער דער פּאַרפאַרבער האָט אַרויסגעשטעלט צום טרוקענען קעגן דער רויטלעכער זון פון זיין פּאַנטאַזיע.

„טיר נומער דריי" דערמאָנט זייער שטאַרק אָן ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש: זי איז זייער הויך און זייער פלאַך. און זי האָט אַ מאַסע פּרעטענזיעס. זי איז מער פילאָזאָפיע ווי געדאַנק, מער פיס ווי קאָפּ. זי גייט שנעלער ווי זי דענקט. אין מאַנכע מאָמענטן — איבערהויפּט אין פערטן אַקט — לויפט זי מיט דיזעלבע ריזנשריט ווי ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש איז געלאָפן פון די שלאַכטפעלדער און מען קאָן זיך נישט כאַפּן!

„טיר נומער דריי" איז אויך זייער אַ קוריאָזע פּיעסע פון דעם שטאַנדפּונקט פון איבערגאַנגען. זי גייט נישט איבער פון איין סצענע צו דער צווייטער — נאָר זי שפּרינגט. זי פּאָרט

אויף אַן עלעווייטער. זי גייט פֿונם ערשטן שטאָק דירעקט אויפֿן זעקסטן און — פֿאַרקערט. זי איז אַ קונציקע פּיעסע, אין אַקראָבאַטישן זין פֿון וואָרט. אין איין מינוט פֿאַרשלינגט זי אפֿשר עלף מייל דראַמע, פֿערצן מייל טראַגעדיע, — אַ חוזק וואָס זי ציט גלאַט אַזוי פּאָעטישע סטענגעס פֿון נאָז, שלעפּט סענטימענט־פֿראַזן פֿון אַרבל, און האָט בכלל זייער אַ פֿלינקן פֿערטן אַקט — מיטן אויג נישט צו כאַפּן, וואָס דאָרטן טוט זיך!

דער ערשטער אַקט גייט זייער פּאַמעלעך; אַ מייל, אַן אייביקייט. עס איז נישט קיין ערשטער אַקט, נאָר אַ פֿ ע ר ט ע ר — אַזוי איבעריק איז ער! עס איז דער לאַנגווייליקסטער ערשטער אַקט, וואָס מיר האָבן ווען־עס־איז געזען. די האַנדלונג ש ל ו מ ע ר ט איין אויף איר אייגענעם אַקסל. עס איז אַ צייטונגס־אויסשניט מיט דעם שטיקל נייעס, אַז אַן ערלעכער ייד, נאַטאַנזאָן, און אַן ערלעכע מאַמע, נאַדאָלסקי, און אַן ערלעכער ברודער, היימאַן, האָבן אַ ברודער־קעסלער, וואָס איז אַ יאַנקעל־בוילע אין אַ שוואַכער אַמעריקאַנער איבערזעצונג.

דער צווייטער אַקט הייבט שוין אָן גיין אַ ביסל שנעלער. עס הייזלט זיך. עפֿנונגס־סצענע: די מאַדאַם פֿון הויז שטייט לעבן אַ יאָרצייט־ליכט און — ליריזירט. זי איז אַ פֿרומע גאָטספֿורכטיקע פֿרוי מיט אַ פֿאַרוק און דאָך האָט זי אַ הייזל. פֿאַר וואָס דווקא זי? פֿאַרוואָס דווקא אַן אַלטמאָדישע פֿרוי מיט אַ פֿאַרוק? איז דער ענטפֿער, אָ, די יידישלעכקייט! און אָ, די ראַדיקאַלשטשינע פֿון די יאָרן 1905—1906! און נישט נאָר זי אַליין איז אַזוי קאַריקאַטורנע גאָטלעסטערנדיק, נאָר אויך דער באַנדיט „דעיגא”, וועלכער דערציילט, אַז ער האָט געשלאָגן אַ יידן דערפֿאַר, וואָס יענער האָט געגעסן אום יום כּפּור. וואָס פֿאַראַ קאָמפּלימענט צו דער גרופּע „ברויט־און־פּוטער”! וואָס פֿאַר אַ שמיר איבער די ליפּן מיט ראַדיקאַלן חזיר־פֿעטס דעם גאַנצן פֿרייהייטס קעמפֿערטום פֿון ליבערטי פּאַרק! און דאָס הייזל אַליין! קען פֿריינד קאָברין ווירקלעך אַ הייזל, ווו מען רעדט אַזוי ווייניק שמוציקע רייד? ווייסט ער פֿון אַ באָרדעל, ווו עס קומען פֿאָר אַזוינע אומאינטערעסאַנטע און העכסט־באַ־

ש ר י י ב ל ע כ ע זאַכן, ווי אין זיין צווייטן און דריטן אַקט? האָט עמעצער פון אונזערע קאָלעגן ווען עס איז געזען אַן אָר־גיע, וואָס איז אַזוי פאַרשלאָפן, ווי די סצענע ווען די מיידלעך שיכּורן זיך אָן און זינגען יאַקאַהולאַ? ווייסט עמעצער פון אַזאַ כּשר בּהמהלע און נאַאיווע אידיאָטקע ווי ראָזע, די גרינע באָר־דערקע, וואָס ווינט „געקסט דאָאָר" און פאַרליבּט זיך אין דעם פּרעמיער־קאַדעט מיטן גאַנצן פייער פון איר יונגער זעלע, נישט האָבנדיק דעם מינדעסטן שאָטן פון אַ חשד, אַז ער איז אַ קאַדעט? און אפילו דאַמאָלט ווען די ביז־צום־ביין־אויסגע־טוענע כאָריסטקעס פון קעסלערס טעאַטער קומען אַרויף אויף דער סצענע אַלס מחותּנתטעס, און דער אָפּשיילעכער דעיגאָ איז אָפּוועזנד צוזאַמען מיט זיין שרעקלעך־מערדערישן פּנים, אפילו דאַמאָלט ווייסט נישט די פּרעכטיקע ראָזע פאָן לעאָנקאָבּרין, אַז דאָ איז אַ הייזל און אַז איזי איז אויסן זי צו פאַרפירן.

מערקט אייך: מיר טעאַטער־גייענדע חכמים־ונבונים, מיר אָרקעסטער־און־באַלקאָני פילאָזאָפן, דערקענען גלייך אָן איזיס ערשטן אויפטריט, אַז ער איז אַ גאָרגלשניידער. זיין נאַאיווע מאַמע, מיט דעם ליגנזאָגנדיקן „מוטער־הערץ", איז חושד, אַז ער גייט אויף קרומע וועגן, נאָר די ראָזע פון לעאָנקאָבּרין איז נעבּעך אַזאַ פינסטער בּהמהלע, אַז זי ווייסט פון גאָרנישט. אין דעם מאָמענט, ווען זי נעמט אַרום דעם חתן, דעם שכן פון „טיר נומער דריי" און קושט אים און ווונשט, אַז אַלע יידישע מיידלעך זאָלן כאַפּן אַזאַ גליק, ווי זי האָט געכאַפּט, דאַמאָלט מאַכן „מיר" אַלע אין טעאַטער „בּוהו". וואָרום? ווייל מ י ר זע־בּען קלוג און מיר ווייסן, אַז זי, די וווּנדערבּאַרע ראָזע פון לעאָנקאָבּרין, גייט נעבּעך אין פייער אַריין... אָבּער זי — זי ווייסט גאָרנישט־נישט, ניעטשעוואָ, נאַטהינג, ניקס!

איך האָבּ שוין אַמאָל געזאָגט, אָן אייער ערלויבּניש, ליבּע לעזער, אַז קאָבּרין שרייבּט נישט קיין ליטעראַטור דורך, וועלכע מען ווערט מיט דער צייט אומשטערבּלעך. אָנשטאָט דעם שרייבּט ער ד י ר ע ק ט שטיקער אומשטערבּלעכקייט, וואַרפט ער אַרויף אויף דעם מאָגערן סקעלעט פון אַ לייטאַרטיקל־אידעע פעטע

שטיקער אומשטערבלעכקייטס־פלייש, קומט דערפון אַרויס אַ דראַמאַטיש באַשעפעניש מיט אַ גרויסן וואַסערבויך און מיט אַ רומאַנטישער נשמה, ווערט דערפון אַ וואָלקנברוך פון קונסט, אַ פאַרשווימונג פון ליטעראַטור־און־דראַמע.

„טיר נומער דריי" איז נישט קיין שלעכטע פיעסע. ווען זי זאָל זיין שלעכט, וואָלט נישט געווען שלעכט. אַ ליטעראַט ווי קאָברין האָט דאָס רעכט צו זיין טאַלאַנטלאָז, פון צייט־צו־צייט, פונקט ווי ער, אַלס מענטש פון גוטער ליטעראַרישער ערציונג, האָט אַ רעכט צו זיין זשעניאַל אַזוי אָפט ווי ער וויל. דאָס שטיק איז אָבער טעאַטראַליש גוט און — דאָס איז שלעכט. דאָס שטיק איז, אַזוי צו זאָגן, אַ פעדעראַציע פון אַלע יידישע טעאַטער־סוקסעסן. עס איז „גאָט פון נקמה" אויף אַזוי־פיל, וויפל אַ נאַכט אָן אַ לבנה איז אַ לבנה־נאַכט, אָדער ווי דער נאָמען ביסמאַרק אָן דעם „בי" איז אַ קאָמפלימענט.

פאַרוואָר, פריינד קאָברין: איך האָב צו אייך גאָרנישט דערפאַר, וואָס איר ווילט שטעלן אַ הייזל אויף דער בינע. ווייל וואָס קאָן זיין פּראָבלעמאַטישער ווי אַ הייזל? וואָס קאָן זיין דראַמאַטישער ווי דאָס רויטע לאַמטערנדל? אָבער — ווען שוין יאָ אַ הייזל, מאַכט עס אינטערעסאַנט, לעבעדיק, רעאַליסטיש, אומשפילבאַר און — לאָזט עס ליגן אין שיפלעד פון אייער שרייבטיש. פאַר חברים וועט איר עס קאָנען פאָרלעזן, זיי וועלן הנאה האָבן און אָפּשעצן אייער גרויסן טאַלענט. אָבער צו געבן אָן אַ נ ט ה י י ז ל ט הייזל, צו וועלכן דעם צוקוקערס געדאַנק מוז זיך אָנשטרענגען, כדי צו ווערן אומדרוקבאַר — דאָס איז נישט אָנשטענדיק, נישט מענטשלעך, נישט קינסטלעריש — בפרט ווען איר זענט אַזוי ווייניק ראָמאַנטיקער, צו קענען דיכטן אַ באָרדעל שיר־השירים, צו פאַרוואַנדלען דעם פיזיאָלאָגישן מיסט־באַרג אין אַ באַרג פון צאַצקעגדיקע פאַקלען און אויסגייענדע לעבנס.

דער סוף פון שטיק: „ער" האָט חתונה. אָבער דער „אונטערפירער", דעיגאָ, רואינירט זי דערווייל מיט אַלע מיאוסע איינצלהייטן פון אַ קליינישן פּראָטאָקאָל. „מיר" הערן איר קרעכצן

הינטער די קוליסן. „ער" טעלעפאָנירט צום פאָטער, אַז ער וויל תשובה טון, אָבער יענער „שניידט אים אָפּ" פון טעלעפאָן. ער רופט די מוטער. ס'מוטער־האַרץ ערוואַכט. ער האַלט אַ לאַנגגן מאָנאָלאָג צום טעלעפאָן, און דאָס טעלעפאָנדל ענטפערט. ער מעלדעט דער פאָליציי, אַז ביי זיי איז אַן אומשטענדיק הויז. עס קומט די פאָליציי. ער שיסט דעיגאָן. ער שיסט זיך. מ'ברענגט אַריין — אויף אַ טראָגבעטל (באַמערקונג פון משה נאַדיר: עקלהאַפט!) — דעם רואינירטן קליניק, פריילין ראָזע, און — דער מוסר־השכל דערפון איז: וווינט נישט אין טענעמענט הייזער, איר באַזוכער פון קעסלערס טעאַטער! וווינט אין גאָלדענע פאַלאַצן פון מירמלשטיין! וווינט אונטער די קאַפּעליושן, וווינט ווו איר ווי׳ט, נאָר נישט אין טענעמענט הייזער, ווייל — אַך, און אָהאָ. און אַזוי־און־אַזוי! און דאָס איז זייער אַ טיפע אידעע.

פון די שפּילער האָט זיך אויסגעצייכנט הער ד. קעסלער אין דער ראָלע פון יאַנקלבוילע. ערשט איצט האָט ער זיך גענומען שפּי׳ן יאַנקלבוילע. ערשט היינטיקע וואָך האָט ער גענומען פאַרשטיין דאָס פּיאַניסימאָ פון בוילעס לירישן טראַגיזם. וואָס שייך זיין איצטיקער ראָלע פון „איזי איז בעיבי", וועט ער זי וואַרשיינלעך אָנהויבן צו שפּי׳לן ערשט מיט אַ צוויי־דריי פּיעסן שפּעטער.!

# דאָס יידישע גלויבן

אויטאָר : הענרי נאַטאַנסען
איבערזעצער : מאַרק שוויד
טעאַטער : קעסלערס

...טון גוטע געשעפטן אויף דער בערזע און פירן אַ שיין
הויז. דער אַלטער הער לעווין האָט האָלד צוויי זאַכן: דאָס יידישע
גלויבן און גוטע, שבתדיקע לאָקשן. מילא לאָקשן באַקומט ער
גלייך אין ערשטן אַקט. אָבער דאָס גוטע ביסל גלויבן — הע!
ווו וועט ער נעמען?

די ליידנשאַפטן פון דעם נעמלעכן לעווין זענען אויך
אַקוראַט געצוילט צוויי אין צאָל. ער האָט ליידנשאַפטלעך ליב אויס־
צולעשן ס׳ליכט פונם גראַנדיעזן, צוואַנציקסטן יאָרהונדערט. ביי
יעדער געלעגנהייט לעשט ער אויס ס׳ליכט, אפילו פרייטאָג־צו־
נאַכטס נאָכן קידוש. און ער האָט ליידנשאַפטלעך פיינט דעם
באַנקיר הערמינג, וועלכער איז אי אַ שטיקל אַנטיסעמיט, אי
אַ לאַנדסמאַן. שרעקלעך!

ביי לעווינען אין שטוב איז אַלצדינג פיין, באַלעבאַטיש,
נחתדיק. איין זון איז אַ פאַרהייראַטער מאַן. דער צווייטער זון
איז אַ דאָקטאָר. די טאָכטער איז אינטעליגענט און גייט צו
פאָרלעזונגען אין אוניווערזיטעט. אַלע קינדער גיבן אָפּ כבוד
דעם טאַטן. און דער טאַטע נעמט ס׳זעלבע ביסל כבוד און גיט
עס צוריק די קינדער. בקיצור, אַלצדינג וואָלט געווען ווויל,
פיין. נאָר די טאָכטער „ספּאָילט״ די „ביזנעס״. פאַר איר איז
נישט גענוג ליכט. זי וויל מער ליכט און מער ליבע. זי־

זאָגט: בײַ אונז איז אַלצדינג אַזוי פֿאַרגליװערט װי אױפֿן טױטן ים. דער דאָקטאָר פּרוּװט אָפּדינגען אַ ביסל פֿון דעם פֿאַרגלײַך מיטן טױטן ים, און די שװעסטער צעװײנט זיך. עס װײַזט זיך אַרױס, אַז די שװעסטער איז פֿאַרליבט אין דעם דר. העמרינג, אַ זון פֿון באַנקיר העמרינג. דער אַלטער ברענט, זידט, שױמט, באַקומט היסטעריקע, און ענדלעך בױגט ער זיך אַ ביסל. אָבער װען סע קומט צו פֿאַרהאַנדלונגען מיטן באַנקיר װעגן דער רעליגיע פֿון זײַן טאָכטערס נאָך־װײַט־נישט־געבױרענע קינדער, מישט זיך אַרײַן דאָס יידישע גלױבן און מען װערט צו־נישט. אָבער דער יונגער הערמינג, װעלכער איז מסתּמא אַ לעזער פֿון יאַנאָװסקיס בריװקאַסטן, באַרעכנט זיך, אַז ס׳איז פֿאַראַן אַ מיטל: די קינדער װעלן זײַן נישט קײן קריסטן און נישט קײן יידן, נאָר מענטשן. ער קומט צו זײַן אַסתּרן, װעלכע איז שױן אין לעצטן אַקט צוריק אין דערהײם, און דער יידישער גלױבן איז געראַטעװעט, צו דער גרױסער פֿרײד פֿון אַלע קאָסטימער.

— — — — — — — — — — — —

דער יידישער גלױבן איז אַ געלונגענע פֿעדערצײכנונג אָן פֿאַרב. דער אױטאָר, הער נאַטאַנסען, קאָן זײער גוט די אַנאַטאָמיע פֿון דעם באַשעפֿעניש, װאָס הײסט דראַמע. ער װײסט װוּ יעדער נערװ געפֿינט זיך, און זײַן פֿונקציע. אָבער מישן פֿאַרבן קען ער נישט. ער איז אַ זעלטענער צײכנער, אָבער נישט קײן מאָלער. דער יידישער גלױבן איז פֿונם לעבן אַרױסגעריסן אינאײנעם מיט די װאָרצלען. אינאײנעם מיט דער ערד, אױף װעלכער ער װאַקסט. דאָס איז אַ גרױסע אַרבעט, אַ שװערע אַרבעט, אַן אַרבעט, װאָס פֿאָדערט טאַלאַנט און פֿאַנטאַזיע, אָבער צו װאָס אַריבערטראָגן אַ שטיק ערד פֿון באָסטאָן קײן װילנע? צו װאָס נעמען אַ שטיק לעבן פֿונם לעבן, און עס אַרױפֿטרײַבן אױף דער בינע אין זײַן גאַנצער, געטרײַער, פֿײַנלעכער פּינקטלעכקײט? דער יידישער גלױבן איז אַ פּיעסע, װאָס זיצט אין דערהײם, און מ׳ברענגט איר אין שטוב אַרײַן פֿון אַלדאָסגוטס. אַז זי שטײט אױף אין דערפֿרי, טרעפֿט זי שױן

בײַ דער שװעל דאָס גוטע ביסל באַאָבאַכטונג, דאָס פֿײַנע ביסל געדאַנקען, דאָס רײַכע ביסל נישט־דערזאָגטקײט. פֿון אַלע טירן און טױערן ציט מען זיך צו דעם פּונקט, װוּ די דראַמע שטײט אױף אײן פֿוס, און לאַנגװײלט זיך אױף אַ זײער אינטערעסאַנטן אופֿן. יעדעס מאָל, װאָס אַ מענטש קומט אַרײַן, ברענגט ער מיט זיך עפּעס פֿאַר דער דראַמאַטישער געבײַדע, אַ ציגל, אַ שױב, אַ שינדל, אַ ביסל לײם, אמת, דער אַרכיטעקט נאַטאַנסאָן איז אַ מענטש מיט פֿײַנע מאַנירן, ער שרײַט נישט אױף די אַרבעטער, ער טומלט זיך נישט, די הענט זענען בײַ אים נישט פֿאַרשמירט מיט קאַלך. אָבער איר זעט, הערט און פֿילט, אַז ער בױט. און איר װײסט דיאָס מיאָ! אַז מער װי מיט אַ דאַך קאָן זיך דאָס נישט ענדיקן. העכסטנס מיט אַ פּענדל אױפֿן דאַך.

„דער ײדישער גלױבן” איז, אין בעסטן פֿאַל, זײער ס ק ו ל פּ ט אָ ר ע ס ק, אָבער נישט פּיקטורעסק, נישט פֿאַרביק. זײַנע מעלות זענען די מעלות פֿון אַ קינסטלערישן שטײנבילד, װעגן װעלכן מיקעל אַנזשעלאָ זאָגט, אַז מען מוז עס קאָנען אַראָפּװאַרפֿן פֿון אַ באַרג און עס זאָל זיך נישט צעברעכן. די דיאַלאָגן פֿון „דער ײדישער גלױבן” זענען געשניצט מיט אַ קלײן פּעדערמעסערל. אַזױ פֿיל ליבלעכע אָרנאַמענטן, שענע הױזלעכקײטן, אָבער אַלצדינג איז אַזױ גרױ, נישט װאַרעם. — אפֿילו דער אָפּגלאַנץ פֿון קאַמין־פֿײער. עס איז אַ װעזן, װאָס גײט מיט קלײנע װײַבלעכע שריט, און סע האַנדלט אַזױ שטיל, אַזױ מאַנירלעך, און עס שפּריצט אױף זיך פֿאַרפֿום, און סע רעדט נישט קײן איבעריקע רײד. עס איז אַ פּיעסע, װאָס זאָגט נישט קײן ליגן, גײט זױבער אָנגעטון, האָט אַ שײן געזיכטל, אָבער זי אינטערעסירט אײַך נישט.

דאָס ערקלערט אַ ביסל, פֿאַרװאָס דער עולם איז נישט זײער פֿ אַ ר כ אַ פּ ט פֿון דעם דאָזיקן שטיק, פֿאַרװאָס עס נעמט אים נישט מיט. ער באַגלײט די פּיעסע בלױז ביז צו דער סטאַנציע. אָפּפֿירן זי אַהײם און שטײן מיט איר אין „האָל”, אין דער פֿינסטער, װיל ער נישט, װײַל זי איז צו נ אָ ב ל. אין דער קעסלערשער אױפֿפֿירונג האָט דאָס שטיק אַ סך געליטן

דערפֿון, וואָס מען האָט עס „געטויפֿט״ מיט שמירה־וואַסער, און נישט מגייר געווען לויטן יידישן דין פֿון מילה. מאַרק שווייד, דער איבערזעצער, האָט דערויף געשפּריצט אַ ביסל טויף־וואַסער, און ס׳איז אַרויס אַזוי גויש ווי פֿריער, נאָר מיט אַ זיידענער יאַרמולקע, דער ריטואַל פֿון קינסטלערישער באַשניידונג האָט געפֿאָדערט, אַז מ׳זאָל דאָס שטיק מאַכן יידיש פֿאַר דעם יידישן טעאַטערגייער. ווען דער פּשוטער מענטש זעט, אַז דער געוויסער ייד לעשט אויס שבת די ליכט און איז נישט זייער שטאַרק דאַקעגן, אַז זיין טאָכטער זאָל חתונה האָבן מיט אַן אָנשטענדיקן קאַטאָליק, קאָן ער נישט פֿאַרשטיין, פֿאַרוואָס אַזאַ מענטש זאָל זיך איינשפּאַרן און בשום אופֿן נישט וועלן, אַז זיינע אייניקלעך זאָלן זיין קריסטן.

די פּיעסע איז אויך פֿול מיט אַזוינע דייטשיזמען, ווי מיטגיפֿט (חתן־מתנות, אָדער כּלה־מתנות) און „פֿאַנגען מיר אָן צו מאַכן קידוש״, אָדער „שפּעסע״ (וויצן). אָבער ס׳איז נישט מעגלעך צו גלויבן, אַז דאַרין איז שולדיק מאַרק שווייד. גיכער איז צו גלויבן, אַז די שוישפּילער האָבן אַליין געפֿונען פֿאַר נויטיק צו פֿאַרדייטשן דאָס שטיק אויס גרויס דרך־ארץ צום ווערק.

קעסלער איז געווען אַן אויסגעצייכנטער אַדאָלף לעווין, פּאָטערלעך, קאַפּריזנע, פּאַטעטיש. עס איז שוין אַ לאַנגע צייט, זינט קעסלער האָט געשאַפֿן אַזאַ לעבעדיקן מענטש, אפילו רפאל פֿרידלענדער קאָן זיך נישט פֿאַרגלייכן דערצו. מאָריס שוואַרץ איז געווען פֿיין, סטיליזירט, יידישלעך־אַריסטאָקראַטיש און זיין שווייגן האָט אַזוי פֿיל ג ע ר ע ד ט! בירנבוים האָט געשאַפֿן אַ גוטע אילוזיע פֿון דעם סענטימענטאַלן קריסטלעכן יונגנמאַן, וואָס הויבט זיך אַריבער איבער זיינע יידישע חברים מיט זיינע גוטע מאַנירן, פֿיינעם טאָן, און אפילו צום סוף, ווען דער אויטאָר מאַכט אים פֿאַר אַ ראַדיקאַלן פּראַזנשלייפֿער, אַפּי.ו דאָרט בלייבט ער אַלץ עלעגאַנט, פּראָפֿעסאָריש, פֿיין. היימאַן איז געווען זייער גוט אין דער צילינדערהוט־סצענע, ווו ער האָט זיך געהאַלטן אַזוי אונטערטעניק, פֿאַרשעמט. אין די איבעריקע סצענעס איז ער געווען צו ניו־יאָרקעריש. מאַדאַם ווילענסקי איז געווען אַ

זייער געלונגענע שרה, מיט דער אויסנאַם פון עטלעכע מאָמענטן
אין צווייטן אַקט, ווען זי האָט אָנגעשלאָגן אַ דעקלאַמאַטאָרישן
טאָן. נאַטאַנסען איז געווען אַ ביסל צו טעאַטערדיק אַלס דער
באַנקיר הערמינג. מאַדאַם שנייער איז געווען אַן אויסערגע־
וויינלעך גוטע מאַדאַם הערמינג, קראַנק, צעשטערט, נערוועז,
פּינקטלעך, אָפּגעהיט. דער זייער טאַלענטירטער סילי אדלער איז
עס היינטיקס מאָל נישט געלונגען מיט איר ראָלע, אַלס די
יידישע טאָכטער, וואָס דערפילט מיטאַמאָל, אַז דאָס לעבן ה י ב־
ט ע ר מ ו י ע ר ן איז אַ ט ו י ט ע ר ־ ם, און זי רייסט זיך צו
זעלבסט־אויסדרוק, צו דערלייזונג. אין סילי אַדלערס אינטערפּרע־
טאַציע איז דאָס מייד, אַ ביסל אָנגעהויכט מיט אַ־מין אינטרי־
גאַנטיזם, וואָס דאָס איז זייער נישט געטריי צום טעקסט. בערנ־
שטיין אַלס דער בירגערלעכער זון האָט געהאַט אַיין געלונגע־
נע סצענע, ווען ער ווערט געוואָר דורכן טעלעפאָן, אַז זיין
פרוי איז געלעגן געוואָרן. ווייטער איז ער געווען מער בערנ־
שטיין ווי יאַקאָב לעווין.

# אפּ־טאון און דאון־טאון

אויטאָר: ז. קאָרנבליט
טעאַטער: טאָמאַשעווסקי.

„אַז אַ נאַרישקייט געלינגט, איז עס אויך — נישט מער ווי אַ פּיעסע", אַזוי האָבן מיר געטראַכט בשעת מיר האָבן געהאַט אויסגעהערט און אויסגעזען אַלצדינג, וואָס עס איז געווען צו הערן און צו זען אין „אפּטאַון און דאונטאון". מיר האָבן געטראַכט דעם דאָזיקן געדאַנק, אַזוי שטיל ווי מעגלעך, כּדי די הויכגעשטעלטקייטן פון נעשאָנעל טעאַטער זאָלן עס נישט דערהערן. די נעמלעכע הערן האָבן אויף אונז געקוקט מיט הייסע זידלווערטער און מיט פאַרגיפטעטע קינזשאַלן דערפאַר, וואָס מיר האָבן געהאַט די פרעכהייט זיך „אַריינצוגליטשן" אין זייער טעאַטער, אָן זייער גנעדיקער ערלויבניש.

זענען מיר אַלזאָ געזעסן דווקא אויף אונזער פּלאַץ און געטראַכט צו זיך — וואָס מיר האָבן געטראַכט. מיר האָבן געטראַכט און אויסגעשטראָכן דאָס פון־אונז־געטראַכטע; און געלינדערט דעם סטיל, און אַוועקגעשיקט אונזער שפּראַך צו אַ שלייפער, אַז ער זאָל זי אויסשלייפן, און מיר האָבן אַוועקגעטראָגן אונזער מיינונג צו אַ סטאָלער, ער זאָל זי אַ ביסל אויספּאָלירן און אָפּשניצן די שאַרפע ברעגן און אויסהיבלען אַ גלאַטקייט פון אויבן, ווייל זי איז צו רוי! און דאַן האָבן מיר אונזער רויע מיינונג אַוועקגעטראָגן צו אַ גאָלדשמיד, ער זאָל זי אָפּגיסן מיט גאָלד פון מליצה און אַריינזעצן אין איר עטלע-

כע עדלשטיינערדיקע אַפּאָריזמען, און דאַן האָבן מיר אונזער געערטע מיינונג אַוועקגעפּירט אין אַ מאַניקיור־פּאַרלאָר און אים געלאָזט אויספּוצן די שאַרפע נעגל, און מיר האָבן איר געלאָזט אויסקאַמען דעם פּאַרוקל, מיט אַ שרימפּ אין דערמיטן; און מיר האָבן זי באַשפּריצט מיט אַ וואַסערל, און מיר האָבן איר אַריינגעלעגט אין דער אויבערשטער ברוסט־קעשענע אַ פיין־ווייס טאַשנטיכל, מיט די שפּיצן אַרויס. מיר האָבן איר געגעבן אין די הענט אַריין אַ שפּאַציר־שטעקעלע, און מיר האָבן זי אַרויסגעשיקט אויף דער וועלט — אַ לייטישע, אַ פּאַרקאַמטע, אַ ציוויליזירטע.

ניין, אונזער מיינונג איז היינטיקסמאָל נישט קיין ר ו י ע. מיר זענען נישט אויפגערעגט. מיר שמייכלען. זעט אונזער שמייכל! באַמערקט אונזערע ווייסע ציין! באַטראַכט ווי רויק מיר קוקן אויף אונזער שפּיץ־פּעדער און ווי מיר באַוווּנדערן אונזער שיינע האַנטשריפט. אויפרעגן־זיך! גאָט מיינער! ווער האָט עס אַזויפיל כח? ווער האָט עס אַזויפיל אָטעם אין זיך צו באַשעלטן אַלצדינג, וואָס איז ווערט באַשאָלטן צו ווערן אין דער פּרעסע און אויף דער בינע? ווער האָט עס אַזויפיל דורכגעקראַפּט אין זיין נשמה, צו באַדויערן אַלצדינג, וואָס עס איז פויל און פלאַך און פ ו י ל ע ר און פ ל אַ כ ע ר און ז יי ע ר־פ ו י ל ע ר און ז יי ע ר־פ ל אַ כ ע ר אין אונזערע קונסט־טעמפּלען?

* *
*

„אַפּטאַון און דאַונטאַון" וואָלט נישט געווען קיין שלעכטע פּיעסע, ווען זי זאָל נישט האָבן אַזאַ גוטן ערשטן אַקט! דער ערשטער אַקט שטערט — מיט זיין גוטקייט. ער שטרייכלט אונטער. ער גרילצט אין די אויגן. ער איז פּונקט, אַ שטייגער, ווי מען זאָל נעמען אַן אַלטן שלאָפראָק און איינגייען אין אים אַ גאָלדענעם אַרבל. דער אַרבל פאַר זיך איז גאַנץ פיין. דער שלאָפראָק אויך, אָבער פוןביידע צוזאַמען, זאָלסטו אונז גאָט אָפּהיטן!

די מעשה דערפֿון: אַן אָרעמער דאַון־טאַונער „טאָמאַשעווסקי" (אַ מין לייזערעליע!) האָט זיך פֿאַרלייגט אויף אַ פּאַטענט אויסצוגעפֿינען אַזאַ מין ק אָ מ ב י נ אַ צ י ע־ב ע ט. אַלע חוזקן פֿון אים. אפֿילו די קינדער. אָבער ער גלויבט דערין. ער גלויבט, אַז דאָס וועט זיין די הימל־לייטער, וואָס וועט אים אַוועקפֿירן אין די הויכֿקייטן פֿין אפּטאונער לעבן — צו אַ לעבן פֿון לוקסוס און אַפּענדיסיטיס! און כּך הוה. שלוס־ערשטן־אַקט קומט אַריין עפּעס אַ מיליאָנערל און ערקלערט, אַז דער „פּעטן מיט די בעטן" איז אָנגענומען און, אַז ער נעמט אים צו פֿאַר אַ שותּף. אין צווייטן אַקט איז ער שוין אַ גביר און האָט אַן אייגענעם באַלעט מיט אַלטוואַרג, וואָס טאַנצן צו דער מוזיק פֿון רומשינסקי. עס צעוויקלט זיך פֿאַר אונז דער אַפּטאַון אין זיין גאַנצן שרעקלעכן, טאַנצנדיקן, זינגענדיקן, שרייענדיקן, האָפּקענדיקן און יאַקאַהולאַדיקן געשטאַלט. עס פּלאַצט פֿון הינטער די קוליסן מיט מיידלעך, וואָס טראָגן אָ פּ וו ע ז נ ד ע ק יידלעך. עס דונערט די זאָקנוואַרג און עס בליצן די אונטערקליידער, און עס שטורמען די אינטעלעקטן, וואָס וויגן זיך אהין און־צוריק. ער צעהיפּאָדראָמט זיך! עס קומט אַריין לייזערעליע מיט די פּעטענטס. מיט די טעכֿטער. מיטן איידעם. מיטן ווייב. מיטן כאָר. מיט אַ שטיק פֿון „דער זיבענטע טאג" — פֿון דייטשן טעאַטער. מען ערוואַרטעט דעם באַראָן פֿאַר דער טאָכֿטער. עס קומט דער געוויסער באַראָן (זייער אַן אָנגעווייטאָקטע פּראַגע ביי יידן — די באַראָנען־פּראַגע!) אַלע בויגן זיך פֿאַר אים ביז צו דר'ערד. די אַלטע לייזערעליעכֿע רעדט אַ יונגן אָבער פֿאַרדאָרבענעם ענגליש. קעסטין איז גלאַט־אַזוי אָנגעזענד. מיט אַ געשטרייפּט וועסטל און מיט אַ ברוין פּראַקל. מען זינגט מען טאַנצט, מען וויגט די אינטעלעקטן. עס טאַנצן די נאָבללייט פֿון דער כאָריסטן־יוניאָן. עס טאַנצן די „גראָסמוטערס" פֿון דעם יידישן פֿאָלק. עס הויבן אויף די פֿיס צום הימל די עטלעכֿע „אַפּטאונער" מיידלעך. עס ווערט טאָג־און־נאַכֿט און וו י ד ע ר טאָג און וו י ד ע ר נאַכֿט. און עס קומט דער באַראָן און זיין העכֿסט דעקאָראַטיווער טאַטע און ווילן זוויסנאַרן ס'געלט.

מישט זיך אַריין דער יאַפּאַנעזישער „באָטלער", ג. רובין און שרייט אויסעט: ניין! א. א. וו. און עס ווייזט זיך אַרויס אַז?— רובין איז גאָרנישט קיין יאַפּאַנעזער נאָר אַ ליטוואַק. און דער באַראָן איז גאָרנישט קיין באַראָן נאָר — אַ קעלנער. און די וועלט איז נישט קיין וועלט נאָר — פאַרקערט. דער סוף איז אַז? — אַז אפּטאון הויבט אָן בענקען נאָך דאון־טאון. מען בענקט נאָך „געפילטע פיש", און דאָס בלוט פון פרישע קנישעס הויבט אָן רופן צוריק. מען זינגט אַ ליד, אין וועלכן מען לויבט אפּטאון און מען בענטשט דאון־טאון. מען ענדיקט דעם אויס־געהלומטן סטרייק פון די אַרבעטער, מען רופט אויס: „מיר זענען אַלע ברידער: דאונטאון אפּטאון ווּשיסקאָ יעדנאָ אלעס עגאל, אַל דהי סעים", און שלום.

ווי איר זעט איז „אפּטאון און דאונטאון" זייער אַ יידישע קאָמעדיע! וואָרום וועמען איז נישט באַקאַנט, אַז יידן אַלס אַ פאָלק ליידן זייער שטאַרק דערפון, וואָס מיר האָבן צופיל באַ־ראָנען און בכלל ווייל מען האָט ביי אונז, אין דער יידישער גאַס, צופיל דרך־ארץ פאַר אדל־לייט! און ווער פון אונז איז נישט איבערצייגט פונקט ווי דער מחבר פון „אפּטאון און דאונ־טאון", אַז אין די דאונטאונער קנישעס ליגט אַ טיפער מאָראַלי־שער כח, און אַז דער אַפּעטיט צו קנאָבלבאָרשט איז שטאַר־קער, ווי דער פאַרלאַנג צו זיצן אויף א טראָן און גענעצן! און וועמען איז נישט באַקאַנט, אַז אין אַזעלכע פאַלן, פאַסירט גע־ווינלעך, אַז דער העלד וואַרפט אַוועק ווייב און קינדער, פאַר־לייקנט טאַטע־מאַמע, און איינמאָל — אין אַ קאַלטער שטורעמ־דיקער ווינטערנאַכט, ווען ס'איז וואַרעם און אויסגעשטערנט, כאַפּט ער אויף זיך אַ פּעקעלע מיט טויזנטער און לויפט אַוועק דאונ־טאון עסן קנישעס צווישן זיינע אייגענע ברידער?

„אפּטאון און דאן־טאון איז נישט נאָר אַ קאָמעדיע אָן־און־פאַר־זיך, נאָר אַן „אויפשטאַנד" פון אַלע דייטשע און ענגלישע און פראַנצויזישע קאָמעדיען. די פיר אַקטן לעבן אַזוי אָפּגעזונ־דערט איינס פון ס'אַנדערע, אַז ווען זיי באַגעגענען זיך אין גאַס וואָלטן זיי זיך נישט דערקאָנט — אפילו אין דער שפּראַך!

און איין גאָט אין הימל ווייסט ווער ס'איז שולדיק: דער מחבר קאָרנבליט, אָדער דער בינען־מייסטער טאָמאַשעווסקי, וועלכער האָט די פּיעסע געיידישט? עס איז נישט צום גלויבן, אַז די זעלבע האַנט, וואָס האָט געקאָנט אָנשרייבן אַזאַ פיינעם און לע־בעדיקן און רויטבלוטיקן ערשטן אַקט, זאָל קאָנען אַזוי פאַר־פושן דאָס איבעריקע.

* *
*

הער טאָמאַשעווסקי איז געווען זייער גוט אין ערשטן אַקט. ער האָט זיך געהאַלטן ווי אַ לעבעדיקער מענטש און איז געווען פיין גרימירט. אָבער אַזוי גיך, ווי ער האָט פון זיך אַראָפּגעוואָרפן די באָרד און זיך גענומען חנדלען, איז ער גע־וואָרן דער געוויינלעכער טאָמאַשעווסקי און ער האָט זיך גענו־מען אויפירן ווי אַ באַנקעט און עס האָט פון אים גענומען קאַ־פּען דאָס גאָלד, און זיינע פינגער־דימענטן האָבן זיך צעשמאָלצן אין זייער אייגענעם פייער.

# די וועלט אין פלאַמען

אויטאָר: אָסיפּ דימאָוו.
טעאַטער: אדלערס גרענד.

דאָס לעבן איז די לעצטע צייט שטאַרק רעקלאַמירט געוואָרן צווישן די מאַסן, איז געוואָרן פּאָפּולער ווי אַ צייטונגראָמאַן, עס איז די נייעסטע ערשיינונג אין דער יידישער גאַס. לעבנס-בילדער, לעבנס-ווערק, לעבנס-באַשרייבונגען, לעבנסצוועקן. מען לעבט נישט, נאָר מ׳שטודירט ס׳לעבן, מ׳פּאָרשט עס אויס, מ׳שפּיאָנירט עס. עס איז די לעצטע מאָדע. דער פאַרשטייס־לעבן־קולט שפּרייט זיך אויס פון דער טויבנפּאָסט, בינטל בריוו ביז זשאַן קריסטאָף, פון שעקספּיר ביז מנחם מענדל דאָליצקי, פון ווייטסטן אַנומעלט ביז דעם נאָענטסטן אָט־אָט. גיט מען אייך נישט דעם פיינעם אונטערקלאַנג פון לעבן, נישט דעם זיידענעם נאָכגערויש, נישט די ווייסע פאַרשלייערונג, נאָר די זייער רעאַלע, טאָפּלפּיסיקע כּלה אין איר גאַנצער נאָענטקייט, מיט איר גאַנצער אומעגלעכקייט.

דימאָווס „וועלט אין פלאַמען" איז נישט דאָס טרוקענע לעבן, איז נישט די טויטע ווירקלעכקייט, וואָס אַלע קאָנען זען אין גאַס, אַבסאָלוט פריי, נאָר די פּילפּאַן־לעבעדיקע אויסגעטראַכטקייט, דער אומשיינער, באַנאַלער אמת אין אַ גאָלדפורעם פון לעגענדע, פון עפּאָס, פון סאַגאַ. דימאָווס וועלט אין פלאַמען איז אַ שפּיל, אַ ביישפּיל, עס איז, לאָמיר זאָגן, אַן עלעגאַנטער זיידנשפּיץ אויפן אונטערקלייד פון דער

מאַדאַס רעאַליזם. אַ פּײַנער זשעסט פון דער אומפּײַנער, טיפּ־ליגנערישער אמתדיקייט. עס איז אַ שטעלט־זיך־פאָר דראַמע, מיט דימאָוון אין הינטערגרונט, מיט דימאָוון אין פאָדערגרונט, מיט דימאָוון אין מיטן. עס איז דימאָוו, דימאָוו אומעטום. און פּונקט ווי שעקספּירס קלעאָפּאַטרא און סקאָטס מאַריאַ שטואַרט זענען אמתדיקער ווי די אמתדיקע, אַזוי איז דימאָווס דראַמאַטישער בײַשפּיל פיל אמתער, ווי די לעבנסבילדער, וואָס זענען אַ'ונטערגעשריבן געוואָרן דירעקט פון דעם לעבן, אַרונטערדראַמאַטיזירט געוואָרן דירעקט פון דעם מוטערל נאַטור.

„די וועלט אין פלאַמען" — איז אַ פּרינץ אין דער יידישער דראַמען־משפּחה. און פּונקט ווי אַ פּרינץ ווערט בלויז אַ פּרינץ ווען מען טוט אים אָן אין די פּורפּור־קליידער, אַזוי ווערט אויך דימאָווס שטיק אַ מייסטער־ווערק דורך די קליידער, דורך דעם פאָרם.

אויסגעטוענערהייט איז די דראַמע כמעט גאָרנישט, אָדער כמעט אַ ל צ ד י נ ג. זי איז ברייט און גרויסגעוואַקסן. זי זיפצט אין לאַכט, פרעדיקט און ווערטלט זיך. אין איין האַנט טראָגט זי אַ דונער, אין דער אַנדערער — אַ טרערן־טעפּל. אָנגעטון אין אַ שאַרלאַך־מאַנטל פון גוטן געשמאַק, באַצירט מיט די פּײַנע פּינגערינגען פון טעכניק, געקרוינט מיט אַ היטל פון געדאַנקלעכקייט, איז די „וועלט אין פלאַמען" שיין און פּרינצלעך, טראַגיש און אַפּאָריזמיש, און די פּערטהאַלבן טעאַטער־שעה, וואָס קומען צו איר צו גאַסט, ווערן פאַרפּלייצט מיט פאַרב און ליניען, מיט ריטם און פּיינקלאַנג.

„די וועלט אין פלאַמען" איז נישט — ניי. נישט ז י י ע ר ניי. ניי איז געווען נייער. ד. וו. א. פ. איז מער רעזשיסירט, ווי אויסגעטראַכט. עס איז מער אויסגעסצענעט ווי פאַרפאַסט. דימאָוו האָט די פּיעסע נישט געשריבן, נאָר אויסגעשפּילט מיט דער פּעדער. דעריבער קומט זי אויף דער בינע שוין אַ ג ע ש פּ י ל ט ע און אַלעס, וואָס די שוישפּילער דאַרפן טון איז — נישט שטיין איר אין וועג, זי לאָזן טון וואָס איר האַרץ גלוסט.

דימאָווס נייע פּיעסע איז נישט נאָר סימבאָליש, נאָר זי

איז אַליין אַ סימבאָל, אַליין אַ משל אויף אַ טעאַטער־שטיק, וואָס קאָן פּאַסירן. דימאָוו וויל נישט, אַז איר זאָלט צוליב זיין פּיעסע פֿאַרגעסן דימאָוון. ער האַלט, אַז ער איז וויכטיקער פֿון זיין שטיק. דעריבער דערמאָנט ער אייך אין פּראָלאָג, אַז ער גייט אייך איבעראַשן, דאַן דערקלערט ער אייך אין אָנהויב פֿון ערשטן אַקט, אַז דער סורפּריז קומט באַלד. עס גייען אַוועק זעקס הונדערט יאָר — אָבער ביים יידישן שוישפּילער איז עס גאָרנישט. ער איז געוווינט צו אַ רייכקייט פֿון יאָרן. זעקס הונדערט יאָרן? פֿו. עס איז ביי אים גאָרנישט! באַלד הויבט זיך אָן די איבעראַשונג. טאָרקוועמאַדאָ איז טויט! עס לעבט פּאָטער מיכאַיל (ראַספּוטין?), די צייט גייט — אַקטנווייז, אַקטנווייז. עס איז די מלחמה־כּלות, פּלוס דאָס שנירל פּערל, פּלוס ראַספּוטין. נאָר שיין, איידל און מענטשלעך גייען די דראַמאַטישע פֿאַרבינדונגען. די עברי איז ריין און לייכט און פֿול מיט אינטערעסאַנטן פֿאַרסיפּלאַזש. פֿון צייט צו צייט גייט דימאָווס וועלט אַרויס פֿון די פֿלאַמען און הויבט אָן ווערן וואַסערדיק. אַ ייד מאַכט קידוש און (פּלוצים — אָהאָ!) אַ טרומייטן־שאַל. מ'רופֿט אין קריג. ראַספּוטין ברעכט זיך אויס אַ פּוס און פֿאַלט אַריין אַהערצו־צו, אָט־אָ־דאָ צו אונז, אָט ווי איר קוקט אים אָן. די אויסגעלאַסענע פֿרוי געפֿינט איר קינד — דעם מסור, וואָס האָט זיך ערצויגן ביי דעם דר. איסערלעס. ער איז פֿאַרליבט אין איר — ווי זי הייסט דאָרטן מיטן בינע־נאָמען! זי פּרענסיסט און לאָזט זיך נישט. די אויסגעלאַסענע פֿרוי נעמט זי מיט זיך, כּדי צו רעטן איר טיפֿע יונגפֿרוילעכקייט. דר. איסערלעס נעמט אַראָפּ די מזוזה און — גייט אַוועק אין גלות אַריין מיט לודוויג זאַצן. אַ רענדל אַראָפּ, אַ רענדל אַרויף — עס ווערט מלחמה. מ'טרייבט די זיבן גרענד־טעאַטער־יידן פֿון רוסלאַנד. אַ געוואַלדיקער גלות: און אויבן איז אַ הייזל. אונטן איז אַ קלייזל. אויבן קומען מענטשן, ווי ראָזנפֿעלד זאָגט, אָפּטון נאָר נבלות; אונטן קומען מענטשן קלאָגן אויפֿן גלות. קומט אַריין ראַספּוטין און זיין פֿריינד וואָלף. זיי פֿאַרברענגען מיט די מיידלעך. פֿינטעלעך. ביטע אָנצושטרענגען אייער פֿאַנטאַזיע! דאָ ליגט אויך באַהאַלטן די — ווי הייסט

די? — די טוגענד. דר. איסערלעס טאָכטער.

מאָנאָלאָג: יאַ־יאַ, כדי איין פרוי זאָל בלייבן ריין, דאַרפן פינף פרויען אַוועקגעבן זייער יוגנט, זייער אומשולד. חע־הע! די וועלט טרינקט זיך אין בלוט, אָבער דאָס הייזעלע שטייט. אָבער לאָז מען נאָר פרוון (זייער הויך) צונעמען די ציגל פונם הייזעלע! הע־הע! קורץ: הייזעלע, מייזעלע, קלייזעלע. אונטן דאַוונט מען, אויבן שטעכט איסערלעס טאָכטער איר ערב־פאַרפירער — וואָלפן. מ׳רופט אַרויס דר. איסערלעס פון קעלער. וואָלף איז טויט. עס ווערן דורכזיכטיק די ווענט. טאָרקוועמאַדאָ ערשיינט. מ׳טוט אים לאָזן וויסן, אַז ער איז טויט. ער שאָקלט מיטן קאָפּ. דר. איסערלעס האַלט אַ לאַנגע רעדע און דערקלערט, אַז דער סורפריז איז שוין פאַראיבער און פאַר ווייטערע איינצלהייטן זאָל מען נאָכקוקן צוריקצו-וועג — אין ערשטן אַקט, זייט 132.

* *

*

„די וועלט אין פלאַמען״ איז אַ ווונדערבאַר שטיק — מעסטנדיק פון ליבינען אַרויף. עס איז אַן אויסגעצייכנט שטיק — מעסטנדיק פון גאָרדינען אַרונטער. עס איז אַ ווילע פּיעסע — מעסטנדיק דימאָוון מיט דימאָוון זעלבסט. האַלב־פעלערן דאָ און האַלב־פעלערן דאָרט. די פּיעסע בכלל ליידט פון אַן איבערפלוס אין אַלצדינג (דאָס שטיק האָט אין זיך פון וואָס איר ווילט — פון דייטשע מאָזלען ביז אַ וועלט־אונטערגאַנג!), אָפט צופיל ערקלערט און אונטערגעשטראָכן, אָבער די אַלע פסעוודאָ-פעלערן ווייזן בלויז — טאַלאַנטווערטס, צום לאַנד פון דער בעסערער דראַמע, פון דעם פיינערן שפּיל, און וואָלט נאָר דימאָוו נישט פאַרגעסן, אַז „די וועלט אין פלאַמען״ איז נאָר אַ סימבאָל פון עפּעס אַ פּיעסע, אַ מין פיר אַקטיקער פראָלאָג (אין וועלכן די אַקטן פאַר דעם ערשטן אַקט זענען אַזוי קינסטלעריש אַוועקגעטראַכט!) און וואָלט ער נישט געוואָלט זיין איבערצייגענד, וואָלט עס געווען אַ בעסערע דראַמע צווישן די זייער גוטע. אַזוי ווי עס איז, איז עס בלויז אַ

גוטע דראַמע צווישן די בעסערע.

כמעט אַלע אַקטיאָרן האָבן געשפּילט גוט — אַ טייל האָבן אפילו געשפּי׳ט בעסער. אַדלער איז געווען איינדרוקספול, שיין, אימפּאָזאַנט (אפשר סובלים — ווייל דאָס וואָרט סובלים קלינגט זייער שיין) אַלס דער אייביקער ייד. ער איז נישט אַריין אין דעם ישראליק־טאַטע־מאַניר, ווי עס איז געוויינלעך דער פאַל אין אַזאַ ראָלע. זאָלן אים די געטער בענטשן דער־פאַר! שאַכט איז געווען אַ זעלטענער ראַספּוטין: פלינק, נער־וועז, פאַרגלויבט אין זיך, פּיעטעטפול, שוואַכלעך, רוסיש. שיינגאָ׳ד איז געווען אַזוי ווי זיין נאָמען. זאַץ? — מיר זענען שוין מיד פון וואַרפן בוקעטן אויף אים. מאַדאַם אַד׳ער האָט געשפּילט בעסער ווי איר ראָלע. פראַנציס אַד׳ער האָט געהאַט אַ פּאָר פיינע מאָמענטן (אין דער ׳יבעס סצענע אין ערשטן אַקט איז זי געווען אויסגעצייכנט!) אָבער בכלל האָט זי געמאַכט דעם איינדרוק, ווי זי וואָ.ט זיך געוואָלט באַהאַלטן אין זיך זעלבסט, נאָר זי קאָן נישט, ווייל זי איז צו גרויס.

# „קאַרען“

אויטאָר: היעלטאַר בערנסטראָם.
טעאַטער: גרינוווידזש ווילעדזש.
הויפּטשפּילערין: פאַניאַ מאַרינאָוו.

אַן אָפּרו. אַ צו־זיך־קומען.

ווייס און שטיל און אויפגעראַמט איז דאָס קליינע טעאַטער. ווייס און שטיל און אויפגעראַמט דיין האַרץ.

שטיל. שטיל. מ׳באַוועגט זיך קוים.

עס באַוועגט זיך קוים דאָס קורצגעשוירענע מיידל, וואָס ווייזט דיר דיין אָרט, עס באַוועגן זיך קוים די צושויער, עס באַוועגן זיך קוים די שפּילער, עס באַוועגט זיך קוים דאָס שפּיל.

אַלצדינג איז אַזוי אַריסטאָקראַטיש־פּויל. אינטערעסאַנט נאַכלעסיק, דיסטינגירט פאַרשלאָפן.

און דער עיקר דאָס פּובליקום. דאָס געאיידלטע. דאָס גוט־דערצויגענע.

און פּונקט ווי ביי אַ זאַלאָטאַרעווסקי־פּיעסע איז דאָס ערגסטע דאָס זאַלאָטאַרעווסקי פּובליקום, אַזוי איז אין אַ ווינקל־טעאַטער דאָס בעסטע, נישט דאָס שוישפּיל, אָדער שוישפּילער, נאָר די **צושויער**.

מיט אַ גרינוווידזש־ווילעדזש־פּובליקום איז לייכט אויסצוזיצן — אפילו די לאַנגוויליקסטע פּיעסע.

אַזוי ווי „קאַרען“ צומביישפּיל.

ווו מענטשן זיצן און זיצן.

שמועסן און שמועסן.
קומען און — גייען נישט.
און זעצן זיך נאָך אַ מ אָ ל אַוועק.
און רעדן ליטעראַטור.
און דערמאָנען — אין זייערע דיסקורסן — טשעכאָוון און
איבסענען און אַנאַטאָל פראַנס.
פ ר א ־ ה נ ס — פראָנונצירט מיט אַן עלט־פראַנצויזישן
אַקצענט פון
פאַניאַ מאַריגאָוו.
די ביכערדיקע.
די ווויל־וויסנדיקע.
די זעלטענע!
דאָס שפיל „קארען" איז פונקט ווי קארען אַליין: אַן אָפן
פענסטער אין דרויסן אַרויס. אַזוי זאָגט עמעצער פון די קארע־
ניאַנער. און דו זיצסט אין דער וואַרעם. אין דער פינסטער־
מיטן לעצטן נומער „אַטלאַנטיק מאָנטלי" אין טאַש, און דו פילסט
אַזוי וויכטיק. ראמענדיק. דעקאָראַטיוו. בין איך מיר, טראַכסטו,
דער פיינער מענטש, וואָס זיצט זיך אין דעם פיינעם טעאַטער
און האָט דאָס ביסל פיינע הנאה, פון דער פיינער מאָדערנער
דראמע. און דאָרטן שפילט זיך עפעס — צווישן די ברוין־גראָע
ווענט, נעבן דער ברייטער טיר. פון נעבן די געלבע פאָרהאַנ־
גען. דאָס פריילין קאַרען נאָרעט זיך איין אין זיך זעלבסט. זי
איבסענט. שטיל. אָן מוזיק. אָן קערפערלעכע גימנאַסטיק. אָן
הויכע טריט. און דו האָסט ס׳געפיל, אַז דו שטייסט ביי דיין
אייגן פענסטער, דו קוקסט אַריבער איבערן וועג, צו דיין פרעמדן
שכן. דו זעסט: מ׳זיצט, מ׳רעדט. מ׳הויבט זיך אויף. מ׳קוקט.
מ׳זעצט זיך עסן. דו ווייסט נישט וואָס דאָרט טוט זיך. דו
ו י ל ס ט נישט וויסן. דו האָסט פאַרגניגן פון דעם קוקן אַליין.
פון דעם אַריבערקוקן אַהינצו. פון דער נישט קלאָרקייט. פון
דער פאָרהאַנגלעכקייט. פון דעם איינגעהאַלטענעם טאָן, וואָס דער־
גייט צו דיר נישט. פון די רירעוודיקע שאָטנס. פון דער סודות־
דיקייט. דו שטייסט פאַרטראַכט נעבן דיין טונקעלען פענסטער־

און דו חלומסט דיר אויס דיין אייגענעם, וויל־געווינטשטן חלום מיט אַ רויטן פּראָסט פון אויבן. מיט זיבן בלויע לבנות. מיט אַלצדינג. וואָס אַרט דיך, וואָס דאַרט ביי דיין פרעמדן שכן אין הויז קומט באמת פאָר? אַבי־נאָר דאָס פענסטער פון זיין הויז איז אָפן — צו דיר, און ליכטיק! אַבי־נאָר דו קאָנסט שטיין און קוקן און נישט פאַרשטיין, און זיך אָפּרוען, און זיך פאַרטראַכטן.

„קארענס" לעבנסגעשיכטע איז פול מיט איינצלהייטן. קא־רען האָט צוויי פאַרגאַנגנהייטן אָנשטאָט גאָרנישט, אָדער א יי־נע, ווי די מאָדע איז, היינטיקס יאָר, 1918. קארען צייטונגט. קארען שרייבט. קארען איבערזעצט אַנאַטאָל פראַנס. קארען האָט זיך געלאָזט מאָלן — אָדער זאָל איך זאָגן „פלאַסטערן?" — פון דעם סקולפּטאָר סטראנדגאארד. דער נעמלעכער סטראנדגאארד האָט אָפּגעבילדט איר נאַקעט לייב, און געמאַכט דערפון אַ מייס־טערווערק, „קארען" ווערט אויסגעשטעלט אין איר אייגענער שטאָט. אָבער דערווייל ליבעלט זיך אין איר דער העכסט־אָנ־שטענדיקער דאָקטאָר שאו. קארען דערציילט אים פון איר פאַר־גאַנגנהייט. ווי אַזוי זי האָט זיך איבערגעגעבן, אכ־הא, מיט לייב־און־זעל צו אימיצן. נאָר יענער איז געשטאָרבן, און איר לייב־און־זעעל איז געבליבן — ליידיק. איז זי געגאַנגען און אַוועק־געטראָגן איר לייב־און־זעעל צו דעם קונסט פלאַסטערער. אָבער יענער האָט זי נישט פאַרשטאַנען. פאַרוואָס? ווייל ער איז אַ מ אַ ן. עך, ווען ער זאָל נישט זיין קיין מאַן, וואָלט עפּעס אַנ־דערש געווען! מיינט נישט דער הער דאָקטאָר, אַז זי איז גע־רעכט? ניין. דער הער דאָקטאָר נעמט דעם שטעקן און זאָגט אָ־רעוואַר. פון צייט צו צייט פאַלט זיך דער פאָרהאַנג. שטיל. געלאַסן. אָפּוואַרטנדיק ביז דער לעצטער שוישפילער זאָל זיך אָפּזאָגן זיינס.

אַפּראָפּאָ.

עס איז נישט פון יענע חוצפהדיקע פאָרהאַנגען, וואָס מישן זיך אַריין אין סאַמע ברען און שלאָגן איבער די רייד. דער קארען־פאָרהאַנג מישט זיך בכלל נישט אין די „אינערע אָנגעלעגנהייטן" פון דעם שטיק. עס פאַלט בלויז דאַמאָלט, ווען

סע זעט, אַז ס'איז שוין אַבסאָלוט נישטאָ וואָס צו טון אויף דער בינע. ער פֿאַלט: נישט כּדי אָפּצוהאַלטן די דראמע פֿון אַ „שרעקלעכער טאַט", נאָר כּדי צו געבן דער פּיעסע אַ געלעגנהייט זיך אַוועקצוזעצן און באַטראַכטן וואָס זי וויל.

קארענס שוועסטער איז אין משוגעים־הויז. וואָס האָט זי געטריבן צו משוגעת, אָ, ברידער? די ליבע! זי איז געווען פֿאַרליבט. אָפּגעלאָזט דעם שידוך. איז זי געוואָרן קראַנק. „און איינמאָל, — אַזוי דערציילט קארענס אַלטע מוטער — איז מען געקומען צו מיר און מ'האָט מיר געזאָגט: אייער טאָכטער לויפֿט אַרום מוטער־נאַקעט איבער די פֿעלדער און זי שטעלט אָפּ יעדן מאַנסביל, וואָס גייט פֿאַרביי".

אָט דאָ ליגט די סאַמע יאָדרע פֿון דער דראַמע. דאָס פּראָבלעם: זאָלן די עלטערן פֿאַרווערן זייערע טעכטער צו געניסן פֿון דעם קאַפּעטשקע נאַטור? אָדער זאָלן זיי צוזען ווי זייערע טעכטער ווערן משוגע און לויפֿן אַרום נאַקעטע איבער די פֿעלדער און שטעלן אָפּ מאַנסבילן?

קארענס פֿרומער טאַטע האַלט, אַז ס'איז בעסער צו לאָזן די טעכטער אַרומלויפֿן נאַקעט, איידער זיי זאָלן חתונה האָבן מיט נישט קיין אָרנטלעכן מענטש.

קארענס מוטער האַלט, אַז ס'איז בעסער חתונה צו האָבן „אַ־לאַ קאַרט", איידער אַרומצולויפֿן איבער די פֿעלדער אָן — אויערינגלעך און אָן אַלעמען.

מיר אַליין, פּערזענלעך, האַלטן, אַז ווען אַלע מיידלעך קאָנען נישט חתונה האָבן אין דער צייט, זאָלן משוגע ווערן און אַרומלויפֿן איבער די פֿעלדער, וואָלט די וועלט אויסגעזען אַ סך רייצנדער ווי זי זעט אויס! מיר האַלטן אויך, אַז ס'איז נישט אָנשטענדיק צו זינדיקן מיט אַ תּירוץ. אויב קארען וויל האָבן אַלערליי פֿאַרגאַנגנהייטן — גאָט אין הימל! וועמען גייט עס אָן? זאָל זי! אָדער צו וואָס זוכן אַ תּירוץ אין איר שוועסטערס קראַנקהייט? צו וואָס איבערהויפּט ערקלערן, אַז מיר פֿרויען ליבן אַזוי און אַזוי? מיר פֿרויען זענען פֿאַרשידנאַרטיק אין אונזער מיר־פֿרויעניזם. מיר־פֿרויען זענען גוט און

שלעכֿט, קלוג און נאַריש, נימפֿאָמאַניש און אַסקעטיש, ניכֿטער
און פֿאַרשיכּורט. מ י ר  פּ ר ו י ע ן  האָבן נישט קיין מאָנאָפּאָל
אויף גאָטס ריינער ליבע, פּונקט ווי מיר מענער האָבן נישט
קיין מאָנאָפּאָ, אויף צו זיין שווייגקערלען. שטעלט זיך פֿאָר,
איר אַלע וואָס טראָגט שלייקעס, וואָס עס וואָלט פּאַסירט, ווען
איינער פֿון אונזערע ברידער זאָל אַרויסקומען מיט אַן ערקלע־
רונג, אַז אויב מען וועט אים נישט ערלויבן צו זיין אומאַנ־
שטענדיק, וועט ער משוגע ווערן און אַרומלויפֿן איבער די גאַסן
אַ נאַקעטער. מיינט איר, אַז עמעצער וואָ.ט גענומען דאָס פּראָ־
בלעם ערנסט?

קארען פֿאַרלאָזט די היים און גייט אַוועק. נישט משוגע־
ווערן — מעגט איר זיין זיכֿער. זי גייט אַוועק אַזוי שטיל, ווי
זי איז געקומען. אַזוי שטיל (און דאָך נישט אָן אַ טיפֿן איינ־
דרוק!), ווי די גאַנצע פּיעסע גייט אַוועק. דאָס אָפֿענע פֿענסטער,
וואָס פֿאַר אַ כּישוף עס האָט! אַ שמעקעדיקער נעבל־אָטעם טראָגט
זיך פֿון דאָרט. אַ רייצנדע אומבאַביליטעט. עס איז אַזוי איידל־
נישט־דערזאָגט. אַזאַ אַריסטאָקראַטישער קאָנפֿליקט איבער אַ בלאָען
גאָרנישט. עס איז אַ שווערדן־דועל איבער דער פֿראַגע: פֿאַר
וואָס איז מיטוואָך? לויט דער שטילקייט און איינגעהאַלטנקייט
פֿון די העלדן, לויט זייערע ווייכֿע טריט און מעלאַנכֿאָלישע
סודותדיקייט, וואָלט איר געמיינט אַז אין שטוב געפֿינען זיך
עלף דערטרונקענע פּרינצן און זיבן גרעפֿינס. אָבער דער סוף
לאָזט זיך אויס, אַז מ׳איז געגאַנגען אַזוי שטיל, ווייל מ׳האָט
נישט געוואָלט אויפֿוועקן די פּ׳יג, וואָס שטייט אויף דער
סטעליע.

קארען האָט דעם חן פֿון פֿייער, וואָס ברענט צוליב גאָר
נישט, וואָס ברענט אַנטקעגן אַ וואַרעמער זון. עס איז דער חן
פֿון נישט־נוצלעכֿקייט, פֿון לוקסוס, פֿון שאַמפּאַניער־שוים, פֿון
איבער־קולטור. נאָך די שטיקער, וואָס איר זעט ס׳רוב אין יידי־
שע טעאַטערן, און וועלכֿע גייען אַזוי הויך און קלאַפּנדיק און
מיט די גרויסע טריט פֿון אַ דינסט־מויד, האָט איר אַ באַזונדער
פֿאַרגעניגן אַריינצוקוקן (דורכֿן אָפֿענעם פֿענסטער) אין אַן אַריס־

טאָקראַטיש הויז, ווו אַלֿע גייען אַזוי מאַנירלעך. איר האָט דער־
ביי די געלֿייטערטע הנאה, וואָס קומט פון נישט־הנאה־האָבן.
איר האָט דאָס פיינע שבת־געפיל פון קומען־פון־דאַווענען, ווו
איר זענט צום זעכֿציק־טויזנט־פיר־און־פערציקסטן מאָל געשטאַ־
נען שמונה־עשרה. איר געניסט דעם טעם פון זיין אַ מבין אויף
גוטן ווייַן, וועלֿכער איז אַ בעסערער טעם, ווי דער טעם פונם
ווייַן זעלבסט.

„קארען" איז ווונדערבאַר סצעניִרט און באַלויכֿטן. דער
גאַנצער שפיל־טאָן איז אַזאַ אינטימער, אַזאַ פון־מענטש־צו־מענטש־
לעכֿער. דאָס אויג זעט די שיינע פאַניאַ מאַרינאָוו און פרייט
זיך. דאָס אויג זעט די גראָקייט פון דעם נאָרדלאַנדישן אומעט,
די פריקרעקייט פון אַ שטרענג־קריסטלעכֿער שטוב, און סע
גלויבט מיט פאַררעגנטע ברעמען.

מיט אַלֿע פעלֿערן, וואָס „קארען" אַנטפלעקט פאַר די קונסט־
געזעטיקטע קריטיקער (וועלֿכע מען קאָן קיינמאָל נישט צופרידנ־
שטעלֿן!) איז זי פאָרט איינע פון די בעסטע פיעסן אין ענג־
לישן טעאַטער.

„קארען" איז אפשר נישט קיין דראַמאַטישער קאָ־אי־נאאר,
אָבער עס איז אַ צירונג קעסטל, אין וועלֿכן איר קאָנט אַריינ־
לעגן די טייערסטע איידלשטיינער אויב איר זענט נאָר געגוג
ריי ך.

געשפילט האָבן אַלֿע זייער פיין און מיט שטילֿער נישט־
דערזאָגטקייט. כּמעט אַלֿע (אַ חוץ אפשר דער יונגער פעטער,
וועלֿכער איז געווען צו אַמעריקאַניש!) זענען אויסגעזעסן
זייערע ראָלֿן (אויף דער זאָפא) מיט גרויס געדולד און פינקט־
לעכֿקייט. פאַניא מאַרינאָוו האָט אַ ביסל צופיל געהויבן דעם
קאָפּ און אַ ביסל צו שטאַרק אונטערגעשטראָכֿן די ראָלֿע פון
„קארען", און האָט זיך צופיל באַוויגן אין דער קאָלאָסאַ־
לער אומבאַוועגלעכֿקייט פון דעם גאַנצן שטיק. זי האָט געוואָלט
זיין דער דיל און דאַך, די פענסטער און די זיילֿן פון דעם
שטיק — אַלצדינג מיט אַמאָל, און דעריבער איז זי געווען אַ
ביסל צופיל, פאַר דעם דינעם געבוי פון דער פיעסע. אין

דער סצענע מיט דעם דאָקטאָר איז זי ווויל. אין דער סצענע מיט דעם סקולפּטאָר — דיטאָ. אין לעצטן אַקט, ווען זי דערפילט די שוואַכע פעדעם פון דעם דראַמאַטישן פּלאָנטער, ווען זי כאַפּט זיך ביי אַ נישט־איבעריק געראָטענעם מיר־פרויען־מאָנאָלאָג, פאַרלירט זי דעם מוט און שפּילט אַ ביסל צו העל, צו זשורנאַליסטיש.

הער קאָנראָי אַלס דער אַלטער פאָטער איז געווען פּערפעקט. דעריבער נישט אַזוי אינטערעסאַנט, ווי ווען ער וואָלט געשפּילט אַ ביסל שוואַכער. פריילין גרעיס הענדערסאָן אַלס די מוטער איז פון אָנהויב געווען אַ ביסל צופיל ניי־ענגלענדעריש, צו יענקיש, אָבער שפּעטער האָט זי זיך זייער גוט אַריינגעדענעמאַרקט אין איר ראָלע. הער מע׳צער אַלס דער סקולפּטאָר איז געווען — נישט אינגאַנצן. הער טקאָלי אַלס דער דאָקטאָר שאָו איז געווען סטיליזירט אָבער צו ל י נ י אַ ל. אַ קליינער זיג־זאַג, אַ צייטווייליק פאַרגעסן־זיך אין דער ראָלע, וואָלט אים געראַטעוועט.

# מאָטקע גנב

אויטאָר: שלום אש
טעאַטער: קעסלערס

ווערטער רעדאַקטאָר: מיין היינטיקע רעצענזיע וועט אפשר נישט זיין קיין פריילעכע און זי וועט נישט זאָגן קיין וויצן, איך בין אַליין אויך נישט פריילעך. איך בין פאַרקילט און האָב פיבער. מיין גאַנצע וועלט־אָנשויונג איז היינטיקע וואָך אַ פאַר־קילטע און אַ הייזעריקע. און סע שטעכט איר אין אַ זייט. אַלע מיינע געדאַנקען גייען אַרום מיט פאַרבונדענע שטערנס און קוקן אויפן טאַשנזייגערל. און אָטאַזוי האָבן מיר ביידע, איך און מיין וועלט־אָנשויונג, זיך אַרויסגעשלעפט פון בעט און גע־גאַנגען זען דאָס יידישע דאַווידקעסלערטום אַלס „מאָטקע גנב".

געגאַנגען בין איך מיט אַ שווער געפיל און אַ הויכן פולס. אויפן וועג צום טעאַטער האָב איך מיר אויסגעלייגט די פלע־גער, ווי אַזוי צו שניידן מיט מעסערס מיין פריינד אַש און מיין פריינד ד. קעסלער און אַלע אַנדערע דאָרטן. געטראַכט אומגעפער „פאַרקילט בין איך, און אומעטיק איז מיר, וועל איך אויסזידלען עטלעכע מענטשן, וועט מיר פריילעכער ווערן אויפן האַרץ". אָבער דאָ בלייבן מיר שטיין. הער רעדאַקטאָר, אפשר דריי מינוט אויפן זייגער. מיר נעמען דעם פראָשעק, וואָס דער דאָקטאָר האָט אונז פאַרשריבן (אַן עקלהאַפטער פראָשעק!) און מיר זאָגן דאָס פאָלגנדע:

„מאָטקע גנב" איז נישט קיין פיעסע, נאָר אַ געזאַנג. איך

ווייס נישט פאַרוואָס אַ געזאַנג זאָל זיין בעסער ווי אַ פּיעסע. איך ווייס נאָר, אַז ווען מען באַצייכנט מיט דעם וואָרט געזאַנג עפּעס אַ זאַך, וואָס איז נישט קיין געזאַנג, איז דאָס ביי שריפטשטעלער אַ גרויסער כּבוד. אברהם רייזען, צום ביישפּיל, וויל אַלע מאָל, אַז מען זאָל זאָגן אויף זיין "יד", אַז ס'איז כּמעט נישט קיין ליד, נאָר אַ דערציילונג, און אויף אַ דערציילונג, האָט ער האָלד, מען זאָל זאָגן, אַז ס'איז נישט קיין דערציילונג נאָר אַ ליד.

„מאָטקע גנבֿ" איז דאָס ליבסטע, דאָס אַנגענעמסטע, דאָס שבתדיקסטע, דאָס פיינסטע, דאָס בעסטע, דאָס יידישפּויִשסטע, וואָס מיר האָבן געזען אויף דער יידישער בינע, סיי פּערזענלעך און סיי אַזוי. „מאָטקע גנבֿ" איז מער ווי די אָנגעשריבענע דראַמע. עס איז דאָס הונדערט־מאָל־ניִשט־אָנגעשריבענע, דאָס טויזנט־מאָל־נישט־געצייכנטע, וואָס רעדט אַראָפּ פון דער בלייצע פון יעדן אַקט. עס איז אַ שטיק, וואָס מוז שפּילן מיטן פּנים צום פּובליקום. עס איז אַ שפּיל, אין וועלכן דער חן ליגט נישט נאָר אין די געזיכטס־ליניען, נאָר אין יעדן פאַלד פון דעם סימבאָל־מאַנטל, אין וועלכן עס איז איינגעהילט. עס איז אַ „דע פּראָפונדיס"־רוף פון אַ קינסטלער, וואָס קאָן שרייבן נאָר אין שבתדיקע ווערטער. עס איז דער יום־טובֿ־גאַנג פון פריילין פּאַטום מיט דעם פאַרשטיינערטן האַרץ. עס איז פאַרבלאָונג פון דעם וואולגאַרן ווייב־האַנדל. עס איז אַ געדענקאָן־גאָט־צייכן פון דעם איידעלן און פייערלעכן קינסטלער, וואָס זעט אומעטום די גרויסע און מעכטיקע האַנט, וואָס ציט געהיים די פעדים, אויף וועלכע עס טאַנצן די פּופּען — די מענטשן. און זעענדיק עס, זיצט ער ביי זיך אין רייכפאַרביקן, ווייכבאַלויכטענעם קאַבינעט און זינגט עס אַרויס אויף פּאַפּיר אין פייער־עכע ווערטער, וואָס גייען געשפּאַנט אינם רייכן רייטוואָגן פון קעניגלעכער דראַמע.

דער אינהאַלט פון „מאָטקע גנבֿ", הער רעדאַקטאָר, איז אייך מסתמא באַקאַנט פון זיין בוך. מאָטקע, אַ יינגל פון אָרעמע און שלעכטע עלטערן, ווערט געטרעטן און געשלאָגן פון יעדן,

שווערט צו נעמען נקמה פון דער וועלט. פאַרלאָזט זיין היים. באַגעגנט יידישע צירק־לייט. פאַרקניפּט זיין מזל מיט זייערס. פאַרליבט זיך אין דער ש פּ אַ נ י ש ע ר דראָט־גייערין. דערהרגעט זיין ריוואַל — קאַנאַריק. נעמט יענעמס פּאַס און זיין געלט. ווערט קאַנאַריק. עפנט אַ ה ו י ז און וווילייגערט. ווערט דאָס אים ענד, עך מיאוס. ציט אים צו דער ריינער חנהלע פון קאַ־ווע־שטיבל. שווערט־אָפּ זיין פראָפעסיע. צעטרייבט די מ ו י ד ן, און שיקט נאָך דער מאַמען. דערוויסט זיך אָבער חנהלע און אירע טאַטע־מאַמע פון דעם סוד. שיקט מען נאָך פּאָליציי. קומט מאָטקעס מאַמע, פרייט זי זיך מיט איר פאַרלוירן קינד, און זי זעט נישט די האַנט, וואָס וועבט דערווייל די פעדעם פון אומ־גליק איבער זיין קאָפּ. עס קומט די פּאָליציי. אַרעסטירט מאָט־קען און — די פּיעסע ענדיקט זיך. ניין, זי ענדיקט זיך נישט. זי גייט בלויז אונטער ווי אַ רויטע, שווערע זומער־זון. דערנאָך ווערט טונקל און קיל און געהיימניספול אין אייער נשמה. עס שפּראָצט אַרויס די וועלט מיט אירע פאַרקניפּטקייטן און סודות. עס אַנטפּלעקן זיך די קליינע שטערן פון האָפנונג און טרייסט. דער גנב, דער האַלזשניידער, דער קונצנמאַכער פון אַ ביליקן צירק, ווערט געלייטערט דורך דעם אויגנפייער פון עפּעס אַ חנהלע. ער נעמט בענקען נאָך זיין מאַמען, ערגעץ דאָרט אין אָרעמען שטעטל, דער סימבאָל פון דאָס גוטע און דאָס איידעלע, וואָס ליגט אויפן גרונט פון יעדער נשמה, מעג עס זיין די נשמה פון אַ צירק־שפּילער!

„מאָטקע גנב" האָט דריי אַקטן מיט אַ פּראָלאָג. אָבער דער פּראָלאָג האָט געקאָנט פּונקט אַזוי גוט זיין אין צווייטן אַקט, אָדער אין דריטן. עס איז נישט קיין פאָרשפּיל, נאָר אַ פאָרבילד, אַ פאָר־מוסטער פון דעם מאַטעריאַל. אָבער וואָס מאַכט עס דען אויס? איך ווייס נאָר, אַז איך האָב די דאָזיקע פּיעסע געטרונקען מיט די אויגן און עס האָט מיין האַרץ וווילגעטון. עס האָט מיך באַלוינט פאַר אַלע ביטול־בטלנישע, נאַרישע שטי־קער, מיט וועלכע איך האָב מיר היינטיקן סעזאָן פאַרשטויבט די אויגן און די אויערן. איך האָב אַריינגעטאָטעמט אין זיך די אַלע

פֿייערלעכֿקייטן פֿון מאָטקעס טראַגיק אין צווייטן אַקט, ווען ער
קומט פּלוצים צו זיך, און, געפֿאַנגען פֿון חנהלען, דיקטירט ער
אַ בריוו צו דער מאַמען. איך האָב זיך געווישט אַ טרער (כּמעט
אַ פֿאַקט!) בעת מאָטקע, דער געלייטערטער, דער בעל־תּשובה־
דיקער צעטרייבט די מיידלעך, און איינע פֿון זיי, די עלנטסטע
ווייסט נישט וווהין צו גיין. און די אַנדערע, וואָס איז פֿאַרליבט
אין אים, וויינט, דאָס זי וועט נישט האָבן וועמען צו פּרעסן
העמדער און צו פּוצן די שטיוול. און די דריטע, וואָס זאַמלט
ניט אַזאַ עקשנות וויסציי ג פֿאַר חתונה־אויסשטייער, גייט
אַוועק מיטן פּעקל אונטערן אָרעם, דער סימבאָל פֿון דער איי־
ביקער בענקשאַפֿט צום ריינעם לעבן! איך האָב מיט האַרצקלאַ־
פּונג איבערגעלעבט די סצענע אין קאַוועשטיבל, ווו די מייד־
לעך זענען געווען פֿאַרזאַמלט, און איך האָב זיך געזאָגט: זע,
ווי אַזוי אַן אמתער קינסטלער קאָן אַלצדינג פֿאַרהייליקן. מיט
דער פֿרומקייט פֿון זיין האַרץ, מיט דעם צער פֿון זיין נשמה!
און זע, האָב איך צו זיך געזאָגט, זע ווי פֿיין, ווי קינסטלעריש
אַלע שפּילן, כּמעט אָן אויסנאַם. זע שוואַרצן אין דער ראָלע פֿון
דעם אַלטן פֿאַיאַץ, פֿון דער וואָכֿעדיקייט אין גלעקלעך! ווי איי־
ביק ער זעט אויס! און ווי פֿיין ער שפּילט! זע שווידן אין
זיין קליינער ראָלע, פֿון אַ וואַרשעווער ייד, זע פּראַנציס אַד־
לער, אַלס די שבתדיקע חנהלע, מיט די שטילע טריט, און מיט
בענטשליכט־אויגן, און מיט דעם נישט אויסגעטראָטענעם, קליי־
נעם האַרץ! זע די ערלעכֿע מאַדאַם נאַדאַלסקי אַלס מאָטקעס
דערשלאָגענע מוטער, און דאָס פֿריילין לובריצקי (וועלכֿע איז
אַזוי באַליידיקנד יונג!) אין דער ראָלע פֿון דעם קליינעם רע־
בעלירענדן מאָטקע פֿון פֿראָלאָג און שפּעטער אַלס איינע פֿון
די מיידלעך. זע וועקסלערן אַלס דעם ווויליינגערישן קאַנצאַריק
און בעטי וויסמאַן אַלס מערי די דראָטן־גייערין, וועלכֿע איז אַזוי
גרויסאַרטיק אין שלוס פֿון צווייטן אַקט, בעת זי גיט אָפּ מאָט־
קען צו זיין געליבטער חנהלען און אַליין גייט זי אַוועק! זע
היימאַנען אַזוי גוט גרימירט אַלס דער פּאָליאַק, זע קעסלערן
אַליין, דעם אַמאָליקן גרויסן און גרעסערן און גרעסטן

קעסלער אין דעם מאָמענט, ווען ער דיקטירט דעם בריוו צו זיין מאַמען און ווען ער רעדט צו חנהלען און ווען ער נעמט אַרום זיין מוטער־און־חנהלע אונטער ביידע אָרעמס און טענצלט זיך אונטער, טרויִמענדיק דערביי פון זיין שטעטל, ווי ער גייט שפּאַצירן מיט זיין כּלה, און מיט זיין ערלעכער מאַמע און ווי אַלע קוקן אים נאָך מיט גרויס דרך־ארץ, און, צום סוף, ווען ער ווערט געוואָר, אַז מ׳האָט אים איבערגעגעבן צו דער פּאָליציי, און ווי זיין לעבן ברעכט צונויף ביי דעם פּונקט פון זיין העכסטן גליק. ווי שרעקלעך! ווי טיף! ווי געוואַלדיק! (איך מוז שוין ווייטער נעמען אַ פּראָשעק.)

# פאַרלוירענע יוגנט

אויטאָרן: געביל־שטיינבערג.
טעאַטער: מאַקס געבילס.

„פאַרלוירענע יוגנט״ איז אַהאַ, אַ שוידערלעך קונסט־ווערק. עס איז אַ פּיעסע מיט אַ שווינדזוכט, קאָמשאָמשאָן, אויסצערונג, געבראָכענע הערצער, פוסקראַנקהייט, אַרע־מוט, עלנט, נויט, קאָסטימער־שרייבעריי, לידלעך, און דער עיקר טאַקע, ווי מיר האָבן דאָ אויבן באַמערקט, קאָמשאָמשאָן. עס איז אַ ל ע ב נ ס ד ר אַ מ ע, אין דעמזועלבן זין, וואָס סעמעטערי איז אַ לעבנספראַגע.

„פאַרלוירענע יוגנט״ איז אַזוי געטריי צום לעבן, ווי דער קריי פון אַ האָן אָן דעם האָן. עס איז אַזוי אינטערעסאַנט, ווי די שיקאגער שלאַכטהייזער, די עדיוקיישאָנאל עלייענס, דער מושב־זקנים, די יאָנג מענס היברו אַסאָסיאיישאָן, דער וואַנדערבילט־קליניק, דער מאָרג, דער גן־ילדים, און אַ רעגולאַר מיטינג פון די הויזאיינוואַרפער־יוניאָן, לאָקאַל 15. די „פאַר.וירענע יוגנט״ איז געמאַקסגעבילט געוואָרן מיט דער הילף פון אַ געוויסן שלמה שטיינבערג. עס איז אַ טאָפּל־געביליסטיש, אַזוי צו זאָגן. עס איז אַ סענטימענטאַלע שמאַטעריי, מיט אַ שמאַטעדיקן אונטערשלאַק. עס איז די פאַרלוירענע יוגנט פון דעם יידישן טעאַטערגייער, וועלכער פאַרלירט זיין שכל, זיין צייט און זיין געלט, אויף אַזוינע פּיראַקטיקע קליניקס. עס איז די פאַרלוירענע יוגנט פון דער פאַרמאַקסגעבילטער יידישער בינע, וואָס איז גראָ און אַלט און שווינדזיכטיק געוואָרן פאַר דער צייט. עס איז די

לעבנס־טראַגעדיע פֿון דער פֿאַרגוואַלטיקטער דראַמאַטישער קונסט, אויף וועלכע די באַרימטע טראַגעדיסטין לעאָנאָרע דוזע זאָגט, אַז זי קאָן בלויז דעמאָלט אויסגעבעסערט ווערן, ווען מ׳וועט אונטערצינדן אַלע טעאַטאָרן, און אַלע מיטלמעסיקע שפּילער וועלן אויסשטאַרבן אויף דער כאָלערע. עס איז די פֿאַרלוירענע יוגנט, האָפֿנונג, אַמביציע פֿון דעם טעאַטער־קריטיקער, וואָס הויבט אויף אַלע־ביידע הענט אין שטילער פֿאַרצווייפֿלונג און לויפֿט אַוועק אין ביר־שענק.

די פֿאַרלוירענע יוגנט, געגעבילט און געשטיינבערגט, גע־מאַיעראָוויטשט און געליליענט איז אַ גענעראַל פֿאַרזאַמלונג פֿון אַלערליי רירנדע אינצידענטן, וואָס האָבן שוין אַזוי ערלעך אויסגעדינט זייערע יאָרן ביים יידישן טעאַטער, אַז זיי דאַרפֿן שוין באַקומען אַ פּענסיע.

ווען די פֿאַרלוירענע יוגנט זאָל האָבן אין זיך לעבן, וואָלט זי אפשר געווען אַ לעבנסבילד, ווען זי זאָל פֿאָרשטעלן אַ בילד. עס איז אַ ביליקע קאָסטימער־שרייבעריי, וואָס איז אָנגעמאָסטן געוואָרן אויף דעם טעאַטערגייערס נערוון, אויף זיין געדולד, אויף זיין אויסדויער. די גרעסטע מעלה אין דער פּיעסע איז, וואָס עס קלעפּט זיך. אַך, ווי עס קלעפּט זיך! עס קלעפּט זיך ווי ד י ר ע ק ט פֿון דער פֿאַבריק. עס קלעפּט זיך ווי ליטעראַרישע קלעפּטאָמאַניע. עס קלעפּט זיך אַזוי מערדעריש, אַז איר קאָנט דערפֿון נישט פּטור ווערן, ווי פֿון אַ גאַלאָפּירנדער שווינדזוכט.

די „פֿאַרלוירענע יוגנט״ איז אַ מעשה מיט אַ כּלה־מיידל, וואָס האָט זייער אַ לאַנגזאַמען, פּעט־מאַכנדיקן קאָמשאָמשען (פֿאָרגעשפּילט פֿון דזשעני גאָלדשטיין). און זי דאַרף באַלד חתונה האָבן. און זי פֿאָרט אַוועק קיין וווּנישטין. און דערווייל פֿאַרכאַפּט איר יונגע און געזונטע שוועסטער דעם חתן פֿאַר ז י ך. אויף דעם אַלגעמיינעם פֿאַרלאַנג פֿון דעם קאַסע־קעסטל, איז איר פֿאָטער אויך אַ קראַנקער, צעשברה־כּליטער מענטש, מיט אַרומגעבונדענע פּיס. די כּלה־ניו איז דערווייל אין אַ סאַנאַטאָ־

ריום, כדי צו געבן איר קאָמישן פעטער אַ געלעגנהייט צו אַמוזירן דעם געערטן עולם מיט דער סצענע, ווי עס קנאַקן ביי אים די הויזן, און כדי ער זאָל קאָנען דערציילן, אַז ער האָט געפעינט ביי אַ מיסעס איז ער אַרויפגעפאַלן אויף איר בעט, און דאָסגלייכן אָנשטענדיקע וויצן, וואָס מ'דאַרף זיי ב"ה נישט שלעפן צו קיין ערנגעריכט. און כדי דער נעמלעכער פעטער־וועקסלער אַן „אַנטי־וואירקער" (אַזוי שטייט אויפן פראָגראַם־צעטל) זאָל קאָנען דערציילן זיין ווייב, אַז דזשוליוס האָט געגרעדזשעוועט (כאַ־כאַ!) און ער האָט געקראָכן אַ דיפלאָמאַציע (כאָ־כאָ!) און איצט מעג זי זיך שוין פאַרגינען צו האָבן אַפענדיציטיס. (כע־כע!) און כדי דערזעלבער קאָמיקער זאָל קאָנען געבן אַ מאַנסבילישן ווינטערגאָרטן־ווינק און ערקלערן, אַז מיט יעדן מיידל איז עפעס. קורץ און צוריקצוועגס צו דער געשיכטע: דאָס געזונטע מעדזשכהעהן בלייבט אַליין מיט איר אַנגענעמען באַטריגער, מיט דעם רוינירער פון איר לאַנגווייַלע. דער בייזער, פוסקראַנקער פאָטער ווערט געוואָר פון איר מזלדיקן אומגליק און ער וויל אים אַרויסטרייבן, אָבער דאָס פאַרפינפטע מיידל שטעלט איין דעם לעצטן רעפליק און זאָגט אומגעפער: טרייב אים נישט אַרויס, ווייל ער איז דער פאָטער פון מיין צוקונפטיק יתומל, וואָס איך טראָג אונטער מיין ברוהעסט. פאָרהאַנג נומער צוויי. אין דריטן אַקט גרייט מען זיך צו דער חתונה ביי דעם פאַרפירטן פאָרל. אָבער פלוצים, זעט! ווונדערט זיך! שטוינט! עס קומט די קראַנקע שוועסטער, די אמתע כלה־ביו, דורך פילאַדעלפיע, צוזאַמען מיט איר דאָרטיקער מומע. זי בלייבט שטיין איבער־איבערראַשט. זי שטוינט שבשטוינט! זי פרעגט: מיט וועמען האָסטו חתונה, שוועסטער? גלייך ווי זי וואָלט קיינמאָל אַליין נישט געגאַנגען אין יידישן טעאַטער און נישט געוווסט, אַז אַ געזונטע שוועסטער האָט געוויינלעך חתונה אין דריטן אַקט, מיט דער קראַנקער שוועסטערס ליבהאָבער. די קראַנקע מאַכט גוואַלדן. אָבער ענדלעך דערוווסט זי זיך, אַז עס מוז אַזוי זיין. (מחמת די גוטע קאַ־

ליפאָרגיע־פּרוכט פון ליבע.) אין דער פערטער אָפּטיילונג פון דער פאַרלאָרענער יוגנט זעען מיר, ווי עס איז שוין פאָריבער זעכס לאַנגע יאָהרע. זיי האָבן שוין אַ קינד. די קראַנקע שוועסטער וואוינט ביי זיי. מען וויל פון איר פּטור ווערן צוליב דיזעלבע סאַניטאַרישע אורזאַכן וואָס איך, משה נאַדיר, וויל פּטור ווערן פון מיין גאָענטער באַריהרונג מיט דער בויערי־קונסט. דאָס ק״נד פרעגט: פאַרוואָס טאָר מען דיך נישט קושן, טאַנטע? און: האָסט ליב מיין פּאַפּאַ און מאַמאַ?

און דער עולם, וועמענס אויגן ווערן געמאָלקן מיט אַ מאַשין זייט די לעצטע פערטהאַלבן שעה, דערזעלבער עולם ווערט שטאַרק גערירט און מאַכט: טצע־טצע! עס קומט איר ברודער דער דאָקטאָר, מיט זיין ווייב. ביידע טענהן, אַז די קראַנקע דאַרף אַוועקגעפּי״רט ווערן צוריק אין סאַנאַטאָריום. דזשעני שטייט ביי דער טיר און הערט זיך איין. דער פּאָטער וויל זי נעמען צו זיך אין דער נאַסער וואוינונג, די קראַנקע גייט אָפּ — נעבעך! — צו זיך אין צימער אַריין, כדי איינצופּאַקן אירע זאַכן. די מוטער גייט אַריין זען וואָס זי טוט און געפינט זי טויט. מ׳ברענגט זי אַרויף אויף דער סצענע כאַפּן דאָס פיינע ביסל אפּלאָוז און די פאַרלוירענע יוגנט גייט אַהיים דערציילן איר שכן, אַז ביי נעבלין שפּילט מען איצט אַזאַ שטאַרקע שאָו, אַז מ׳קאָן שטאַרבן דערפון.

*   *

*

די „פאַרלוירענע יוגנט״ איז אַ פּיעסע, וואָס שווינדלט ביי אייך אַרויס די ערלעכע טרער, וואָס איר זענט שולדיק אייער קראַנקן ברודער אָדער שוועסטער. זי נאַרט ביי אייך אַרויס דעם האַלבן דאָלאַר אויפן חשבון פון די קראַנקע מענטשן, וואָס ליגן אין די סאַנאַטאָריומס פון לאָס־אַנדזשעלעס און דענווער, וועלכע וואָלטן אפשר געקאָנט געהאָלפן ווערן דורך דיזעלבע פּופּציק סענט אייערע. גיט אַ טראַכט וועגן דעם, ליבע פריינט! „די פאַרלוירענע יוגנט״ אַליין האָט אַלע סימנים פון דראַמאַטישער

שווינדזוכט: זי הוסט, שוויצט און איז שרעקלעך געל אויפן פנים. עס פעלט איר *הויכקייט*, לופט, זוניקייט און אַזוי ווייטער

די ליבהאָבער פון גוטער דראַמע וועלן ווידער האָבן אַ גלענצענדע געלעגנהייט צו זיצן אין דער היים. ס'רוב סצענען פון דער „פאַרלוירענער יוגנט" זענען נאַטירלעך. ניין. זיי זענען *אומגעהויער* *מער* ווי נאַטירלעך. עס איז דער נאַטירלעכ־קייטס אַ גליד־שוועסטער־קינד, וואָס איז אַראָפּ פון זינען און מ'האָט עס גענומען אין טעאַטער אַריין.

# דער פּרייז פון זינד

אויטאָר: זלאָטאַרעווסקי.
טעאַטער: קעסלערס.

וואָס איז דער פּרייז פון זינד, טאָכטער מיינע? דער פּרייז פון זינד איז: אַז פּונקט דעמאָלט ווען סע גליקליכט זיך אויס דער הימל פון דיין אנטמיידלטער פאַרגאַנגנהייט און דיין פאַרפירער און פאַרפינפער איז טויט, און דו אַליין ביסט ענדלעך, ווי עס איז געווען צו ערוואַרטן, געוואָרן אַן אינטעליגענט מיידל מיט אַ „טשטאָדיעלאַיט" אונטערן אָרעם — פּונקט דעמאָלט, חנעוודיקע טאָכטער מיינע, דאַרף טון פּאַסירן, אַז דיין בליק פאַלט אויף אַ פלעשל מיט יאָדאָפאָרם, וואָס דיין אָרעמער פּאַפּאַ האָט געבראַכט פאַר דיין רואינירטן, ווייסגעקליידעטן פינגער, און דו טרינקסט עס אויס, און דיין מוטער הויבט אָן שרייען „גוואַלד", און דיין פּאַפּאַ רייסט זיך (טעאָרעטיש) די צוגעקלעפּטע באָרד, און אַז דער אויגנווישנדער, ביזוז־שרייענדער, פוס־קלאַפּנדער, נאָזשנייצנדער ווייבער־עולם דערזעט דאָס, שטעלט ער זיך אויף און נעמט אַריינשטעקן די הוט־נאָדלען אין הוט, שאַרט צונויף די נאַסע נאָז־טיכלעך, ציילט איבער די קינדער און מ׳וואַרט, אַז דער פאָרהאַנג זאָל טון זיין פליכט און — פאַלן.

פאַלט ער. גייט מען אַהיים, און מ׳דערציילט דער שכנטע, אַז מ׳האָט געזען אַ שטיק, איז דאָס אַ גוואַלד. סאַ „פּיקטשע" פון לעבן. אַ לעבנסבילד. סע שטעלט פאָר, ווי אַזוי אַ מיידל

ווערט פאַרפירט, רואינירט, פאַראומגליקט, און ווי מ׳שלעפּט זי אַוועק קיין בוענאָס־אַיירעס און זי קומט צוריק. און ווי אַזוי קעסלער שפּילט פאַר אַן אַלטן איטאַליענער, וואָס שלייפט מעסערס, און ווי אַזוי ער דערקוילעט זיין טאָכטערס פאַרפירער מיט אַ מעסער, און ווי אַזוי דער קאָמיקער בערנשטיין האָט בלויז איין האַנט — איך זאָג אייך, מיסעס נעקסטדאָראָוויטש, איך קאָן אייך גאָרנישט אַזויפיל דערציילן, וואָס דאָרטן טוט זיך אָפּ. איך האָב געוויינט ווי אַ קליין קינד. איר מוזט עס גיין זען.

און אָט אַזוי ווערן ערפאָלג־פּיעסן געמאַכט!

„דער פּרייז פון זינד״ איז פאַרפאַסט פון אונזער אַלטן פריינד מאָסיו איציק. איגנאַץ איז דער שנעלסטער בינע־דיכטער, וואָס מיר האָבן — אַ חוץ גילראָדן. אָבער יענער איז אַ ליריקער — ער שרייבט ליריקס.

פאַלט איזידאָרן איין אַ דראַמאַטישע אידעע, נעמט ער גלייך די פען אין האַנט אַריין און נייט־אויף אַ פּיעסע מיט טיפּן און כאַראַקטערע און קלימאַקסן און — דער רוח ווייסט וואָס נאָך! ער אַרבעט שנעל, פּיבערהאַפט און, ווי אַ בלינדער בעקער, וואָס פליאַסקעט שטיקער טייג אין הייסן אויוון אַריין, אַזוי פליאַסקעט אונזער איגנאַץ מיט שטיקער דראַמע, איר זאָלט מיר אַנטשולדיקן. און פונקט ווי טינט, אַז זי גיסט זיך אויס אויף פּאַפּיר און צעפליסט זיך, ווערט — ס׳רוב — דערפון עפּעס אַזוינס, וואָס איז ענלעך צו אַ געשטאַלט, צו אַ צייכנונג, אַזוי ווערט פון איציקס דראַמע עפּעס אַזוינס, וואָס איז ענלעך צו אַ טעאַטער־שטיק. ווייל עס קאָן דאָך אַנדערש נישט זיין. ווייל איציק שרייבט דאָך נישט קיין דראַמען, נאָר ער זאַמלט צונויף אומגליקן פון אַלע עקן וועלט און — ער גיסט זיי אויס אויף דער בינע. און די דאָזיקע אומגליקן צעפליסן זיך און מאַכן אַ פלעק, וואָס אַז מען וויל קאָן מען זאָגן, אַז ס׳איז אַ מענטש און אַז מען וויל קאָן מען זאָגן, אַז עס איז אַ פּיפּער־באָטער. דאַן קומען צוגיין די הערן פון דער קריטיק, לייגן אַרויף אַ פינגער אויף דעם קלייעק, צעפירן אים נאָך מער און

ערקלערן, אַז דאָס איז אַ געשטאַלט פון אַ נביא, וואָס רייט אויף אַ וואָלקן. און אַז דער מחבר איז אַ רוי שטיק גאָלד, וואָס מ'דאַרף עס ערשט אויסגראָבן, אַ זונענאויפגאַנג אין עמבריאָ, אַ נישט־געשליפענער בריליאַנט, און אַז ער האָט אַ זעלטענע טעכניק.

דער אינהאַלט פון „פרייז פון זינד" איז — נ י ש ט. און דאָס ביסל וואָס א י ז, איז אַזוי אַלט ווי די אָנגענומענע טעאַטער־מיינונג, אַז אַ הייזל איז אַן אָרט, וווּ מיידלעך זיצן און וויינען און בענקען אַהיים; אַזוי פאַלש ווי דאָס אָנגענומענע טעאַטער־געזעץ, אַז אַן אינטעליגענטער מענטש מוז טראָגן ברילן, און אַז דער קאָמיקער מוז טרינקען רויטגעפאַרבט זאָדא־וואַסער ביי יעדער געלעגנהייט.

פאַוזע. דאַן אַ פּאָר ווערטער וועגן דער זינד אַליין:

ליבער טעאַטערגייער, לאָז זיך נישט איינרעדן, אַז די זינד איז אַזוי לאַנגווייליק, ווי מען שטעלט זי דיר פאָר אויף דער יידישער בינע. איך ווייס, אַז דו ביסט אַן אָרעמער מענטש און דו קאָנסט נישט באַהויפּטן צו באַצאָלן אַן אָנשטענדיקן פּרייז פאַר דיין זינד. דו געניסט דיין זינד צו ר ע ד ו צ י ר ט ע פרייזן. אָבער גלויב מיר, אַז אַ ז ו י אומאינטערעסאַנט, ווי אין קעסלערס טעאַטער איז זי נישט, די זינד. און אַ ז ו י בלוטלאָז אויך נישט. און איר פרייז, מיין ליבער טעאַטערגייער? — אַך, עס איז דאָך אַ ליגן! דער פרייז פון זינד איז נישט קאַרבאָל, נאָר פאַרקערט. קום מיט מיר, דו ליבער נאַיִווער, אומשולדיקער טעאַטערגייער, קום מיט מיר אין צענטראַל פּאַרק, באַטראַכט די רייכע אויטאָ־מאָבילן, טייערע לימאָזינען. זע די דאַמען דאָרט אינווייניק, די געזונטע, די צופרידענע, די פיין־געקליידעטע, — דאָס איז „דער פרייז פון זינד". נישט ביי אַ ל ע נאַטירלעך. אָבער ביי אַ טייל פון זיי. און דער דאָזיקער „פרייז פון זינד", מיין פריינד, איז נישט דראַמאַטיש, נישט טראַגיש, נישט האַרצרייסנד, נישט טרערנ־צאַפּנד, אָבער אמת! אַזוי אמת, ווי עס איז אמת, אַז מאָסיו איציק זאָלאָטאַרעווסקי איז אפילו נישט קיין גוטער קונסט־באַל־מעלאָכע.

„דער פרייז פון זינד” איז געשריבן געוואָרן פון אַ מענטש, וואָס האָט באַמייסטערט זיין מאַטעריאַל. דאָס איז דער גרעסטער חסרון פון די זאָלאָטאַרעווסקיס — זיי שרייבן דאָס, וואָס זיי ווילן. מענטשן מיט טאַלאַנט שרייבן געוויינלעך נישט דאָס, וואָס זיי ווילן, נאָר דאָס, וואָס זיי קאָנען. און דאַן קומען אַרויס גוטע דראַמען. זע „ביר”!

פון די שפילער האָט זיך, דאַנקען גאָט, קיינער נישט אויסגעצייכנט. און לאָמיר האָפן, אַז זיי האָבן גענוג גוטן געשמאַק זיך נישט צו וועלן אויסצייכנען אין אַזאַ שטיק. קעסלער, בערנשטיין, נאַטאַנזאָן, היימאַן, מאַרק שווייד, בעסי ווייסמאַן, מאַדאַם נאַדאָלסקי, מאַדאַם שנייער, מאַדאַם ווילענסקי — אַלע זענען נעבעך געווען פאַרנומען צווישן די שטונדן 8.30 11.30 לעצטן פרייטאָג נאַכט, מיט פאַרשאַפן האַרצווייטאָק אייער קאַפריזנעם און זייער־פעיקן משה נאַדיר.

# מלחמה־מאַמעס

אויטאָר: הער עקס.
טעאַטער: טאָמאַשעווסקיס.

אָן אַ פּאָרעדע, מײַנע הערן. איר זענט נערוועזע מענטשן, און איך אַליין בין אויך אַ נערוועזער מענטש, און איך לייד פון — טעאַטערגיין. און דאָס איז אַ שרעקלעך ליידן, מוטער מײַנע. איך קום אָט־ערשט פון די „מלחמה־מאַמעס”, ביי וועלכע דער מחבר האָט מיר גערעדלט דעם רוקנביין מיט אַ מצה־רע־דעלע, און מיך אין דערזעלבער צייט געקיצלט מיט אַלערליי קיצלונגען, און איך האָב געזען און באַמערקט, ווי די פּיעסע איז זיך פון צייט צו צייט אַרויסגעגאַנגען רויכערן אַ ציגאַרעטל, אָדער צו טון אַנדערע מענטשלעכע נויטיקייטן, און די בינע איז געבליבן פּיעסענלאָז, אַזוי צו זאָגן! און אָנשטאָט אַ פּיעסע האָבן מיר פון צייט צו צייט געזען און געהערט און באַמערקט, ווי עפּעס אַ ייד מיט אַ יידענע זאָגן איינס צו ס'אַנדערע, און ווי ער מאַכט צו איר, און זי מאַכט צו אים. און ווי מ'שמועסט זיך אַזוי פּאַוואָליטשקע, און מ'רויכערט די געוויסע ציגאַרעטן. און די פּיעסע איז נאָך אַלץ אָפּוועזנד — שטאַרק אָפּוועזנד. און מען ווייסט נישט, ווען וועט זי קומען. „אפשר — הויבט מען אָן טראַכטן — איז זי אַרויסגעגאַנגען שפּאַצירן, און זי וועט קומען? אָדער אפשר איז זי אַוועק צו גאַסט צו אירער אַ מומען?”

און דערווייל גייט עס און ס'גייט, ציט זיך און סע־

צ י ט, שלעפט זיך און סע ש ל ע פ ט, סקריפעט און סע ס ק ר י פ ע ט, און דער וועג איז אַזוי ווייט און אַזוי האַרט און אַזוי אומענדלעך!

„מלחמה־מאַמעס" זענען, אַ חוץ אַלע זאַכן, זייער אינטערעסאַנט, צוליב דעם טעמפּאָ, מיט וועלכן זיי גייען. אַזוי, למשל, פּאַסירט, אַז דער ערשטער אַקט שטייט אפשר אַ האַלבע שעה אויף איין אָרט און רירט זיך נישט, גלייך ער וואָלט געווען נישט אַן ערשטער אַקט פון אַ מעלאָדראַמע, נאָר אַן איינגעשפּאַרטער מוילאייזל. שטייט ער אַזוי, דער ערשטער אַקט, און דער באַלעבאָס פּרוווט אים אונטערטרייבן, קיצלט אים מיט דער בייטש הינטערן עק, איר זאָלט מיר אַנטשולדיקן, אָבער סע העלפט נישט. נאָר מיט אַמאָל — ווי עס איז די טבע פון מויל־אייזל — גיט דער ערשטער אַקט אַ הויב־אויף די אונטערשטע פיס און צעראָזפּאָלאָשעט זיך מיט אַזאַ שנעלקייט, אַז די פּיעסע איז אין אַ סכּנה איבערגעפאָרן צו ווערן פון זיך זעלבסט. שפּעטער אַ ווײַלע, אין צווייטן אַקט, באַרויקט זי זיך ווידער, די פּיעסע, און שטייט די גאַנצע צייט מיט פאַרדרימלטע אויגן, און סע בויגן זיך איר די פיס פון שלעפעריקייט, און אַזוי שלאָפט זי שוין אָפּ אירע פאָר יאָרן אין עושר און אין כּבוד.

דער אינהאַלט פון „מלחמה־מאַמעס" איז זייער אַ שיטערער, און מען דאַרף האָבן זייער אַ שיטערן אינטעלעקט אים אויסצוטראַכטן. און מען דאַרף זיין אַן עכט־יידישלעכער מענטש, אָן אַ פונק פון רעליגיעזער האַרציקייט, כּדי צו לאָזן דעם גוי פון דער פּיעסע ענטפערן אויף דער פראַגע פון דעם יידישן יידן: „וווּ איז גאָט?" מיט „טשאָרט יעוואָ זנאַיעט!" מען דאַרף זיין אַ יידישלעכער דראַמאַטורג, כּדי אָן שום תּירוץ אַרויסצופאָרן מיט „ציון" און מיט דער אַמעריקאַנישער פאָן. און מיט פילמבילדער פון דער מלחמה.

מען דאַרף זיין אַ — (דאָס וואָרט אויסגעשטראָכן, ווייל עס איז צו ש ט אַ ר ק!) כּדי אַרויסצושטעלן אויף די ברעטלעך די יזכּור־סצענע פון אַ שול — אַזוי לעגענדאַריש־הייליק, אַזוי דורות־לאַנג אָפּגעשלאָסן פאַר דער וועלט. מען דאַרף זיין אַ

פּראָפעסיאָנעלער דראַמען־שניידער אַרויסצושלעפּן אויף דער סצענע ספרי־תּורות און טליתים, בלאַסע זקנים און פרויען, וואָס פאַלן אין חלשות, ווען מען איז מזכּיר די נשמות פון זייערע זין, כּדי אַרויסצומוטשען פון אַן אָרעמען טענעמענט־מענטש אַ דאָלאַר פאַר אַ בילעט; און מען דאַרף זיין אַ פאַר־ביטערטער, פאַריאָמערטער, פאַרפינסטערטער טענעמענטמענטש, כּדי צו צאָלן געלט פאַר דער פּריווילעגיע צו זיצן אויף דער אויבערשטער באַנק פון דראַמאַטישן שוויץ־באָד און שרייען „גוואַלד” און הנאה האָבן פון דער שטיקנדער היץ און פון דעם טשאַד, און פון דעם געשריי, און פון דער האַרצשוואַכונג און פון דעם קאָפּ־שווינדל.

איך האָב געוואָלט זאָגן נאָך פריער: עס איז נישט אמת, אַז דער יידישער טעאַטער־גייער וויל וויינען און לאַכן צו דער זעלבער צייט. איך האָב זיך צוגעקוקט צו דעם עולם ביי די „מלחמה־מאַמעס” און איך האָב געזען, ווי ביי די זעלבע סצענעס האָבן אַ טייל מענטשן ג ע ל אַ כ ט, און אַנ-דערע האָבן ג ע וו יי נ ט. איז מיר איינגעפאַלן אָט אַזאַ מין זשעניאַלער פּלאַן: פאַרוואָס נישט איינטיילן ס׳טעאַטער אין צוויי העלפטן: איין העלפט פאַר די, וואָס ווילן וויינען, און איין העלפט פאַר די, וואָס ווילן לאַכן? מען קאָן ביי דער קאַסע שטעלן די פראַגע צום טעאַטער־גייער: „איר ווילט לאַכן, אָדער וויינען?” — אויב וויינען, קאָן מען רעכענען מיט 50 סענט מער, ווייל די טרערן פון מיין „פּאָליעק” זענען אַ טייער אַרטיקל, ז יי ע ר אַ טייערס! נישט אַזוי, הער טאָמאַשעווסקי?

— — — — — — — — — — — —

פון די שפּילער האָבן זיך אויסגעצייכנט: די עטלעכע א מ ת־ב אַ ש יי ט ע ל ט ע ווייבער אויף דער גאַלעריע פון דער שול, אין דריטן אַקט! ערלעכע יידישע פרויען, זענען זיי גע־ווען אמת גערירט פון דער יזכּור־סצענע, און זיי האָבן אַזוי ערלעך געוויינט פאַר דעם באַשטימטן פּרייז. מיר האָבן שוין לאַנג געזאָגט, אַז אַ ל ע מענטשן זענען מער־וויניקער גוטע אַקטיאָרן, אַ חוץ אַ ק ט י אָ ר ן.

# די שקלאַוון פון אַ פאָלק

אויטאָר: אָסיפּ דימאָוו.
טעאַטער: אַדלערס גרענד.

„שקלאַוון פון פאָלק" איז אַ פּיעסע מיט אַ דזשימדזשיק — עס מאַכט נישט אויס, וואָס דאָס וואָרט זאָל נישט באַדייטן. עס איז נישט קיין טעאַטערשטיק, יאָר אַ דראַמאַטישע רעוואָלוציע. אַ אַמאַרגעדאָן. סעדאַן. אָסטערליץ. יענאַ. סאַן־זשואַן היל. געטיסבורג. מאַרן. עס איז אַ פּאַטש אין פּנים דעם יידישן טעאַטער, זיינע גראָבּיונגישע דירעקטאָרן, אַנטרעפּענאָרן, אַקטיאָרן, רעזשיסאָרן, מוזיקער און דעם נאַרישן עולם, וואָס סובסידירט די דאָזיקע דראַמאַטישע משוגעים־הייזער. דער נאָמען „שקלאַוון פון פאָלק" איז, פאַרשטייט זיך, בלויז אַזאַ משל. דימאָוו ווייסט גאַנץ גוט, אַז דער גראָבּיונגישער טעאַטער־דירעקטאָר, וואָס ווי׳ אַ פּלעי מיט ציניזם, אָדער ציוניזם און ביי וועמען די ווערט פון אַ טעאַטערשטיק ווערט געוואויגן לויט דער מאָס פון רענדלעך, וואָס ווערן אַריינגערענדלט אין זיין טאַש, און וועלכער איז גרייט צו שטעלן אפילו ליטעראַטור, אַבי עס זאָל ברענגען געלט — אַזאַ איינער איז נישט קיין שקלאַוו פון פאָלק. ער איז שוין גיכער אַ שקלאַוו פון זיך אַליין, פון זיין שלעכטער דערציונג, פון זיין לויזן שכל פון זיין צרהדיקן באַגריף פון דעם קרעמל, וואָס רופט זיך טעאַטער. אפילו דער דראַמאַטורג איז נישט קיין שקלאַוו פון פאָלק, — אינם הערצישן זין פון וואָרט. ער איז נישט מער אַ שק׳אַוו

פון פאָלק ווי דער צימרינג־קרעמער איז דער שקלאַוו פון זיינע קונדן, אָדער דער שוסטער דער שקלאַוו פון עטלעכע טויזנט פאָר פיס. דער קינסטלער איז נישט קיין שקלאַוו פון קיינעם. אַ מענטש מיט טאַלאַנט קאָן נישט אַרײַנפאַלן אין דער קונסט אויף באַשטעלונג פונקט ווי ער קאָן נישט אַרויספאַלן פון דער קונסט בלויז דערפאַר, ווייל דער דירעקטאָר וויל אַזוי. דער אמת איז, אַז דער יידישער טעאַטער־קייזער שטייט בשום אופן נישט העכער פון זיין סטענדינג־רום־פאָלק, אָדער פאָלעק. אין בעסטן פאַל, שטייט ער גלייך מיט אים. די אורזאַך, פאַרוואָס אַ געוויס טעאַטער אויף דער בויערי טוט אַזוינע גוטע געשעפטן, איז ווייל דער געשמאַק פון זיין דירעקטאָר איז אַ גוטע מאָס פאַר דעם געשמאַק פון זיין עולם, וואָס פילט אָן זיין עמפאָריום, דעריבער וועט איר זען, אַז פלאַכקעפיקע בחורים פון דעם סאָרט, וואָס ראַזירן זיך דעם קאַרק ביז איבער די אויערן, און קרענקלעך־סענטימענטאַלע מיידלעך, וואָס רעדן פון אייביקער ליבע און טרוימען פון חתונה האָבן מיט איינעם, וואָס שפילט אויף אַ קלאַרנעט, ציען זיך צו דעם דאָזיקן טעאַטער, ווי הייליקע וואַנדערער ציען זיך קיין מעקא, רוים און ירושלים.

„שקלאַוון פון פאָלק" איז אַ פאַראָדיע אויף אַ פאַראָדיע. עס איז אַ קאָמעדיע איבער דער נאַרישער קאָמעדיע, וואָס מ'רופט יידיש טעאַטער. עס איז די טעאַטער־וועלט אין פלאַמען. עס איז אַלע פראָטעסטן קעגן טעאַטער, פאַראייניקט אין 4 אַקטן, און אַ קליין ביסל אָפגעשוואַכט, כדי דער מענעדזשער פון יענעם טעאַטער זאָל עס וועלן קויפן. עס ווייזט אייך, ווי געלט־גייציק עס זענען אונזערע דראַמענקרעמער, די רעזנדאָרפס! ווי נידעריק! זיי וועלן זיך גערן אַוועקלייגן אויפן טיש און זיך לאָזן אָפשמייסן פון געפאַקטע הייזער, אַבי עס זאָל זיין אַ סוקסעס. פאַר אַ סוקסעס וועט אייך אַ טעאַטער־מענעדזשער אַוועקגעבן דאָס הייליקסטע, וואָס ער פאַרמאָגט — זיין באַנקביכל. צוליב אַ סוקסעס וועט ער פאַרוואַנדלען זיין טעמפל אין אַ — שטאַל, אָדער אין אַ שוויצבאָד. צוליב

אַ ס ו ק ס ע ס וועט ער שפּרינגען אין מקוה, זיך אָנטון אין האַמלעטס פלודערן אין מיטן דער וואָך, שפּילן ווירגיניוס, זיך שטעלן אויף אַן אויער, קרייען ווי אַ האָן, לאַכן ווי אַן אייזל, רעדן ווי אַ „זשענטלמאַן פון בונעס אירעס" — אַבי דאָס ה י י־ ל י ק ע ק ע ס ט ע ל ע זאָל זאָגן אמן.

אין „שקלאַוון פון פאָלק" האָט יאַקאָב פּ. אַדלער באַ־ וויזן, אַז ער איז אַן אמתער קינסטלער, מיט אַ געזונטן חוש פאַר דאָס שיינע און דאָס עכטע. זייער ווייניק שוישפּילער אין ניו יאָרק וואָלטן געוועזן מוטיק גענוג אויסצופירן אַזאַ פּיעסע, אפילו ווען דער מענעדזשער וואָלט איינגעגאַנגען דערויף. טעמפּע מענטשן שרעקן זיך געוויינלעך פאַר יעדער סאַטירי־ שער אָנשפּילונג, וואָס ווערט געמאַכט אויף זייער חשבון. אַ יידישער אַקטיאָר קאָן פאַרטראָגן די ערגסטע און דופּטענדסטע וויצן וועגן אַלצדינג, אָבער די איידלסטע סאַטירע אויף אַ שוישפּילער רעגט אים אויף. די מינדסטע אָנשפּילונג אויף זיין טאַלאַנט ברענגט אים אַריין אין אַ דעליריום־טרעמענס, אין אַן עפּילעפּסיע פון זידלווערטער. דער קלאַסישער נאַר וויל נישט אַרויסגיין פון באָד, און ער שטעלט זיך קריגן און שרייען, אַז ער איז נישט קיין נאַר

איך קען, למשל, אַ יידישן שפּילער, וואָס האָט זיך באַ־ ליידיקט דערפאַר, וואָס איך האָב אים געזאָגט, אַז ער שפּילט סופּערב — ער האָט נישט געוווסט דעם טייטש פונם וואָרט.

ה' יאַקאָב פּ. אַדלער און זיינע מיטשפּילער — זאַטץ שענגאָלד, פראַנציס אַדלער, יוליא אַדלער, מאַדאַם אַפּעל, שאַכט, קאהן, מייזעל, טענענהאָלץ — אַלע פאַרדינען וועגעלעך מיט באָנבאָנעס, גאָלדענע זייגערלעך, דערפאַר וואָס זיי האָבן געהאַט דעם מוט אויפצושטעלן דעם סאַנקטום פון דער פּראָפעסיע, און, וויזן, אַז אינווייניק איז נישטאָ מער ווי שימל, שפּינוועבס, עגיפּטישע קרעץ, ליפּרויזן, און באַשעפּטיקטע מייז. די גאַנצע „הינטער־קוליסן מיסטעריע", וואָס רייצט אַזוי די ראָמאַנטישע יונגע לייט און איז גורם, אַז זיי זאָלן שטיין נעבן דער טיר

פון דער בינע און וואַרטן צו כאַפּן אַ קוק אויף דער פּרימאַ־דאָנא, אָדער אויף דעם פּרימאַסעניאָר — די דאָזיקע מיסטעריע איז מיט אַמאָל אַנטצויבערט געוואָרן, און זי שטייט איצט נאַקעט און גרוי און מיט אַ רויטער נאָז — אויף די ברעטער פון גרענד טעאַטער.

# „ווער איז דער טאַטע“?

אויטאָר: שלום אַש.
הויפּטשפּילער: יאַקאָב פּ. אַדלער.
טעאַטער: אַדלערס גרענד.

ס'רוב פּיעסן אין יידישן טעאַטער זענען מיט אַ מאָראַל. די מאָראַל איז: גייט נישט צו די דאָזיקע פּיעסן!

אַשס פּיעסע האָט נישט קיין שום מאָראַל. זי איז אַזוי ריין פון יעדן מוסר־השכל, ווי אַ זונאויפגאַנג אין ניקערבאָקער עוועניו, ווי דער פייף פון אַ יונגן, אַמביציעזן לאָקאָמאָטיוו, ווי דאָס פאַרשווינדן פון אַ וואָלקנפערד הינטער מנחמס לידער.

„ווער איז דער טאַטע?“ (דער אמתער נאָמען פונם שטיק איז „דער בונד פון די שוואַכע“ און איז געשפּילט געוואָרן אונטער דעם דאָזיקן נאָמען אין ריינהאַרדס טעאַטער אין בערלין) איז אַ פּיעסע, וואָס לויפט נישט אַרויס אַלע ווייל מיט פאַרשידענע תירוצים, ווי דאָס קלינגען פון אַ טעלעפאָן, דאָס צוגעבראַכטע טעפל, און אַזוי ווייטער, עס איז אַ פּיעסע, וואָס איז אַזוי פאַרנומען מיט זיך זעלבסט, אַז זי האָט אפילו נישט קיין צייט צו עסן און זי מוז זיך באַגניגן מיט טרינקען טיי.

„ווער איז דער טאַטע?“ איז אַן אויסדרוק פון אַשס פערזענלעכקייט. עס איז שלום אַש. עס איז דער פלינקסטער, אומיטלבאַרסטער זשעסט פון אַשס קינסטלערישער האַנט — נישט געוואויגן, נישט אויסגערעכנט, דעריבער אַזוי עכט, אַזוי ערלעך, אַזוי נאַקעט.

אין „ווער איז דער טאַטע?“ האָט שלום אַש אָפּגעבונדן

אַלע זײַנע סים־און־אַנטיפּאַטיען פֿון דער גאָלדענער קייט, וואָס הייסט „סטיל” און זיי געלאָזן גיין אַזוי ווייט ווי זיי ווילן — אויף זייער אייגענער אחריות. עס איז דאָס אויפריכטיקע שטאַמלען פֿון אַ מענטש, וואָס האָט אין אַן אָנפֿאַל פֿון ערלעכקייט פֿאַרגעסן צו רעדן שיין און יום־טובדיק און געפּערלט.

„ווער איז דער טאַטע?” הויבט זיך אָן דערמיט, וואָס הערש לייב דער בעל־עגלה איז אַהיימגעקומען אויף פּסח צו זײַן ווײַב. די לעצטע איז פֿון אים פֿאַרפֿרעמדט געוואָרן צוליב דעם שטאָטישן ר אַ ז י ר ע ר, וועלכער איז גענוג פֿוילענצער און בראָנפֿנטרינקער צו זײַן אַ גרויסער קינסטלער — ווען ער זאָל נאָר ז יי ן. דער נעמלעכער אַ ר ט י ס ט אָ איז טעאַטראַליש פֿאַרבענקט נאָך דער אומשטערבלעכקייט — ווי מיר אַלע, מײַנע ליבע קאָלעגן. ער איז אונזער שוואַכער מאָמענט, אונזער נאַרישער שפּיגל. ער פֿאַרלאָזט ווײַב־און־קינדער צוליב ליבע, צוליב פֿרילינג, צוליב אַטמאָספֿערע. עס עקלט אים פֿון די קליינשטעטלדיקע מענטשן, וועלכע ער מוז רײַבן אַ מאָרדע (איך האָב דורכגעלעבט ס׳זעלבע געפֿיל, זינט כ׳האָב גענומען שרײַבן מײַנע טעאַטערייען)! ער טרוימט, אַז ער וועט ווערן אַ גרויסער אַרטיסט, און דערווײַל שפּילט ער אַ ליבע מיט הערש־לייבס שיין ווײַבל — מאַדאַם ראָזאַ.

ראָזאַ־ראַזירן? ראַזירן־ראָזאַ? — דאָס איז די פֿראַגע פֿון וועלכער ער קען זיך נישט אַרויספּלאָנטען. זײַנע ראָזאַרייען בלײַבן נישט סוב־ראָזאַ. נאָר פּ אַ ר ק ע ר ט. הערש לייב דערוווסט זיך דערפֿון, אָבער ער פּראָטעסטירט זייער ווייניק. ער בעט זיך נאָר מיט גוטן, אַז זײַן געזעצלעך ווײַב זאָל אים לאָזן איבערנעכטיקן. און אַז עס העלפֿט נישט, בעט ער בײַ דעם אַרטיסט, אַז יענער זאָל פֿאַר אים ג ו ט־ז אָ ג ן. און ווען הערש לייב איז שוין פֿאַרשיכּורט און צערייצט, וואַרפֿט מען אים אַרײַן אונטן אינם קעלער, ווו עס וווינען דעם אַ ר ט י ס ט ס ווײַב־און־קינדער. אין צווייטן אַקט זעען מיר הערש־לייבן אונטן אין קעלער אינאיינעם מיט אַרטיסטס פֿרוי חנהלע. עס איז בײַנאַכט. די קינדער שלאָפֿן. הערש־לייב רייצט זיך מיט דעם אַר־

טיטטס פרוי, אַז דיין מאַן איז אויבן ביי מיין ווייב און זי ענטפערט אים, אַז דיין ווייב איז אויבן מיט מיין מאַן. עס הערט זיך אַ שיכור געלעכטער פון אויבן. הערש־לייב זאָגט: דאָס לאַכן זיי פון דיר. חנהלה זאָגט: דאָס לאַכן זיי פון דיר. עס וועקן זיך אויף די קינדער. הערש־לייב, וועלכער איז אַ פאָטער־לעכער מענטש, האָט אין די טאַשן אַלערליי שפּילצייג פאַר די קליינוואַרג. ער איז דער טעאָרעטישער פאָטער פון אַ סך נאָך־נישט־געבוירענע קינדער. ער איז דער, וועמען די קינדער האָבן ליב — דער סימבאָלישער „פּיטער־פּאַן”, וועמען די קינדער לויפן נאָך. זיי דערוואַכן און גייען אַרום אים אַ טאַנץ און שלעפן די מוטער נעענטער צו אים. צום סוף באַשליסט הערש־לייב צו נע־מען חנהלען מיט די קינדער און מיט זיי אַוועקגיין. עס הויבט אָן טאָגן. עס פּייפט דאָס באַרימטע בלעכענע יוניאָן־קאַנאַריקל. אין אַן ענגער, צוגעטוליעטער גרופּע שטייט דאָס אָרעמע געזינדל פון דער קעלער־שטוב, און הערש־לייב — דער שטאַרקער, דער מעכטי־קער, דער שוואַכער, דער פאַרלוירענער שפּרייט איבער זיי אויס זיינע מעכטיקע אָדלער־פליגל. עס קומט דער אַרטיסט און מאַכט טעאַטראַלישע שטיק. ער דעקלאַמירט אַ גרויסן מאָנאָלאָג וועגן פאָטערליבע, אָבער זיי הערן אים נישט און לאָזן זיך צו דער טיר און ווילן אַריינלאָזן דעם דרויסן. אָבער דאָ מישט זיך אַריין דער הער פאָרהאַנגפאַלט און — לאָזט נישט.

אין דריטן אַקט ווינט הערש־לייב מיט חנהלען און מיט אירע קינדער. אָבער דאָס שטעטל האָט זיך שוין דערוווסט פון דער גרויסער עבירה און מ׳שיקט אים אַ שאלאטן־שמש, ער זאָל אַרויסטרייבן חנהלען. עס קומט דער רב און טענהט צו אים אין נאָמען פון די קליינע קינדער וואָס שטאַרבן, אָבער הערש־לייב ענטפערט אויף דעם, אַז זי איז אַ כשר ווייבל. צום סוף קומט ראָזא מיט איר פאָטער און מיט דעם אַרטיסט. די שיינע ראָזא טעדאבארעט, קאָקעטירט און וויל זיך איבערבעטן. דער פרימיטיווער הערש־לייב באַשליסט פונדעסט־וועגן צו גטן זיין געזעצלעך ווייב און לעבן מיט חנהלען. אַז ער דערוווסט זיך, אַז ,ויטן יידישן דין טאָר ער מיט חנהלען

בשום אופן נישט וווינען, ווייל זי איז אַן א ש ת־א י ש און אַז זי (חנהלע) טאָר נישט מער וווינען מיט איר פריערדיקן מאַן, כאָטש ער אַליין (הערש־לייב) מעג וווינען מיט זיין פריערדיק ווייב, דערפאַר ווייל ער א י ז אַ מ אַ נ ס ב י ל און א י ם וועט ג אָ ט מ ו ח ל ז יי ן. דעמאָלט פלאַקערט אין אים אויף דער כעס, ער דערשטיקט זי און דאַן קומען זיי ביידע אַרויס און פאַרנייגן זיך פאַרן פובליקום.

שלום אַש איז בטבע אַ גוטער מענטש און ער וואָלט אפשר נישט געענדיקט זיין שטיק אַזוי טעאַטראַליש, ווען — ער זאָל קאָנען ענדיקן אָן אַן ע נ ד ע. אָבער אַזוי ווי יעדער זאַך מוז זיך ענדיקן מיט אַ סוף, און אַזוי ווי דער נאַטיר־לעכסטער, גרינגסטער, אויסגעפרוווסטער סוף פון אַלע זאַכן איז דער טויט, ערגאָ —

אין „ווער איז דער טאַטע?" טוט שלום אַש נישט אַראָפנידערן צו זיינע העלדן, ווי עס טוען די מ אָ ד ע ר נ ע ד ר אַ מ אַ ט ו ר ג ן. ער לאָזט זיך נישט אַראָפ פאַר זיינע געשטאַלטן אויף דער קני און ער שטייט נישט פאַר זיי אין בלויזער ציטערניש — ווי זיי וואָלטן געווען זיינע ה ע ר ש נ־ ד ע ש ק ל אַ פ ן.

אַש נעמט זיין וואָכעדיקן העלד, זעצט אים אַרויף אויף אַ פערד, טוט אים אָן אַ פאַרביקן גאַרטל, וועלכער פלאַטערט אין ווינט, דעקט אים צו ס'פנים מיט עפעס אַ האַלב־סימבאָ־לישער מאַסקע, און ער רייט מיט אים וואַלד־איין, וואַלד־אויס, ביז וואַנען די שאָטנס פאַלן אַזוי געדיכט, אַז מען ווייסט נישט מער, ווער ס'איז דער העלד און ווער ס'איז אַש.

„ווער איז דער טאַטע?" איז אַ פאַרשלאָסענע, וואַרע־מע, אַ ביסל אָנגעראויכערטע שטוב, אָן אַ ד ר ו י ס ן. זיצט איר דאָ, הערט איר זיך צו צו דער געשיכטע, וואָס ווערט דערציילט מיט אַזאַ נישט־געקינסטלטן טאָן, און פילט זיך אַ גליקלעכער און אָפגעזונדערטער. אַ שמעקעדיקע ליולקע, אַ גלאָז

גוטן פונש, אַ וואַרעמע האַנט און איר זיצט האַלב־אָנגעלענט און איר הערט — מער מיטן האַרץ ווי מיטן אויער — עפּעס אַ טרויעריקע געשיכטע, וואָס טוט אייך נישט שטאַרק וויי, ווייל איר זעט דאָס ליבע, שמייכלדיקע פּנים פון דעם דער־ציילער.

## „NJU“

אויטאָר: אָסיפּ דימאָוו.
טעאַטער: בענדבאָקס.
דעקאָראַציעס: אַרדינסקי־אורבאַן.

„דהי בענבאָקס“ איז אַ קליין טעאַטערל און זייער אײַנטים. אין פראָנט פון דער בינע — דאָרט ווו עס זיצן געוויינלעך די מוזיקמאַכער — אַ מין טעפּיך מיט קליינרויטע בלומען. אַזוי וואַרעם. אַזוי היימיש. סע דאַכט זיך דיר אויס: אָט וועט זיך פאַנאַנדערטיילן דער רויטבלאָער, נישט־געשמאַקער פאָרהאַנג, וועסטו צוגיין צו דער בינע און אַ פרעג־טון ביי די שוישפּילער: וואָס מאַכן זיי עפּעס? און וואָס האָט מען זיי נישט געזען אַזאַ לאַנגע צייט? און די באַזוכער זענען אויך אַזעלכע, וואָס קאָנען איינס ס׳אַנדערע: עס איז אַ פאַמיליען־טעאַטער אין דעם זעלבן זין, וואָס אַ גרויסער ביפשטעיק, איז אַ פאַמיליען־שטעיק, און דו דערוואַרטסט הינטער דיר אַזעלכע פראַגן ווי: „ווו איז היינט פעשע? עפּעס זעט מען נישט לייזערן?“ און אַז דו זאַפסט אַריין מיטן אויג ס׳גאַנצע טעאַטערל, מיט די 250 בענקלעך, ווייסטו נישט, ווי אַזוי אַזאַ קליין טעאַטערל קאָן אויסהאַלטן אַ שטיק פון דריי־פיר אַקטן. עס דוכט זיך דיר, אַז מער ווי צוויי אַקטן וועלן נישט אַריין אַהערצו, אפילו ווען מען זאָל זיי אַריינקוועטשן מיט אַ קני און צומאַכן די טיר. דערנאָכדעם נעמסטו ס׳פּראָגראַם אין האַנט אַריין, זעסטו: „ניו, אַ שטיק אין צען עפּיזאָדן“ — לאַכסטו ס׳גרעסטע געלעכטער: און דו מיינסט,

אַז דו האָסט דאָ צו טון מיט אַ וויצבלעטל, ווערסטו פאַראינטערעסירט און דו לייענסט אין דעם זעלבן פראָגראַם אַן אַרטיקל פון פייער־קאָמיסאַר אדאמסאָן, אין וועלכן ער שרייבט: אין פאַל פון אַ פייער, לויפט נישט צו דער טיר, נאָר גייט פאַמעלעכן. וואָס איז די איילעניש? (אונטערשריפט.)

דערנאָכדעם צעשאַרן זיך די פאָרהאַנגען און דו זעסט „ניו“ — איינע האָט געהייסן „ניו“ אָדער „ניורא“. אַ ליב באַשעפעניש, פון נישט קיין אַנדערן געשלעכט ווי דאָס ווייבלעכע, און זי איז יונג און נאַאיוו און ליבעס־דורשטיק, און פאַרהייראַט צו אַ מאַנסביל. און דאָס איז אַ טראַגעדיע. פאַרליבט זי זיך אין אַ ווייטן — אַ שריפטשטעלער, וועלכער איז נאָך מער מאַנסביל ווי דער ערשטער, און דאָס אייביק־מאַנסבישע איז ביי אים אַנטוויקלט ביז צו פאָעזיע. און „ניו“, וועלכע האָט פאַרלאָזן איר מאַן מיטן קינד, צוליב דעם דיכטער, וואָס שרייבט ווערק, אויף פאַרביקע פאַפיר־סטענגעס, און רעדט מער־ווייניקער בערנאַרדשאָיש — דיזעלבע „ניו“, וועלכע האָט זיך אַזוי קאַפריזנע איינגעשפאַרט אין איר ליבע צום קינסטלער, ווערט ביסלעכווייז מיד, מיד, מידער, זייער מיד. דעם דיכטערס פראַזן וואַרעמען נישט מער. זענען פאַר איר צו דורכזיכטיק געוואָרן. עס איז אַ כשוף־קרישטאָל, דורך וועלכן זי זעט ס׳מיסט, אויף וועלכן עס האָבן אויפגעבליט די אימאָרטעלן פון איר לעבן, און „ניו“ פאַרשווינדט פונם לעבן שטיל און נישט לויפנדיק — ווי דער פייער־קאָמיסאַר האָט אין זיין נאָטיץ אויפן פראָגראַם. און דערנאָכדעם זעסטו ס׳ליידיקע צימער פון דעם ליבן באַשעפעניש, וואָס האָט געהייסן „ניו“ — און עס טוט דיר אַזוי באַנג, אַזוי באַנג. אויף איר און אויף איר מאַן און אפילו אויף דעם געליבטן, און דו הויבסט אָן פאַרשטיין די טיפקייט פון דער פראַזע: „נישט לויפן אין אַ פאַל פון פייער“. די דאָזיקע ווערטער, טראַכסטו, האָט טאַקע נאָר געקאָנט זאָגן ענטוועדער אַ גרויסער פילאָזאָף, אָדער אַ פייער־קאָמישאָנער.

„ניו“ איז נישט קיין דראַמע, פון וועלכע עס שוויצט דאָס אויג און — דאָס איז דאָך באַקאַנט — אַז דאָרט ווו ס׳אויג

ווערט נאַס, ווערט טרוקן דער קאָפּ. עס איז אַ דאַנק גאָט נישט קיין שפּילבאַרע דראַמע. און די גרעסטע טייל פֿון דעם, וואָס ווערט געשפּילט, קומט פֿאָר הינטער די קוליסן. דער אויטאָר נעמט זיך די גרעסטע מי אָנצוהויבן די האַנדלונג אַ ז ו י  ו ו יי ט  ו ו י  מ ע ג ל ע ך. עס איז די בעסטגעשטראָכֿענע פּיעסע, וואָס מיר האָבן ווען־עס־איז געזען!

מיר האָבן אַמאָל געזאָגט, אַז די אינטערעסאַנטסטע מאָמענטן אין יידישע טעאַטער־שטיקער זענען די צ ו ו י ש ן־אַ ק ט ן, און מיר האָבן געפֿרעגט, פֿאַרוואָס עס געפֿינט זיך נישט עמיצער, וואָס זאָל דראַמאַטיזירן די אַ נ ט ר אַ ק ט ן? מיר האָבן עס נאַטירלעך געזאָגט אַלס וויץ. אָבער דימאָוס „ניו" האָט באַוויזן, אַז ס'איז גאָר קיין וויץ נישט, און אַז מען קאָן פֿאַרדראַמאַטיזירן די אַ נ ט ר אַ ק ט ן, און עס זאָל זיין פֿיל פֿיינער און אינטערעסאַנטער ווי די אַקטן אַליין.

האָב איך שוין געזאָגט? — „ניו" באַשטייט פֿון צען עפּיזאָדן, פֿון צען אַנטראַקטן, פֿון צען פּעליטאָניסטיש־פֿילאָזאָפֿישע נאָטיצן — אויב איר ווילט. עס זענען קלייניקייטן, הויזלעכֿקייטן, שמועסן, פֿראַזן, רעפּאָרטי, בערנאַרדשאָיזם, דאָס אַלמענטשלעכע, דאָס פּאַטאַלע, דאָס לעכערלעכע, דאָס טראַגישע — אַלץ ווערט דורכגעצויגן אין אַ באַוועגלעך בילד פֿאַר אייערע אויגן, אין גוט־אראַנזשירטע גרופּעס, אָנגעוואַרעמט פֿון אַ מענטשלעכן אָטעם, און פֿאַרשאָטנט דורך אַלערליי ווינקלען, און האַלבטיפּענישן. די פּיעסע איז נישט געשריבן — נאָר ר ע ז ש י ס י ר ט, אויסגעשטעלט, סצענירט. איר פֿילט ווי דער אויטאָר ז ע ט אַלצדינג אַזוי זיכער, און די פּאָזען זענען אַזוי איבערצייגענד, אַז די ווערטער קומען אָן מי, אָן אָנשטרענגונג. מיט אַ שאַרף מעסער שניידט דימאָוו אויס פֿון לעבן די קלענסטע קלייניקייטן — אַ בילד ווי אַ קינד רעדט דורכן טעלעפֿאָן, ווי אַ מענטש, אין טאָג פֿון זיין פֿרויס טויט, ווערט גערירט פֿון אַ שטיקל זייף און צעוויינט זיך דעריבער, בשעת איבער דעם פֿאַקט אַליין, אַז זי איז טויט, האָט ער נישט קיין טרערן, אַ סצענע ווי אַזוי דער מאַן און דער געליבטער פֿאַרבייטן זיך

מיט די בלומען, וואָס דאַרפן געלעגט ווערן אויף איר קבר, און ווי מ׳דינגט זיך מיט דעם יונג, וואָס ברענגט די בלומען וועגן צוויי רובל. אָט די אַלע קלייניקייטן ציט דימאָוו פאָרזיכטיק אַרויף אויף אַ שניר, ווי קליינע פאַרביקע פערל, און ס׳ווערט דערפון אַ שפיל פון דעם טאָג־טעגלעכן „רוסישן לעבן" — וועלכעס איז אַזוי פיל רוסיש, וויפיל די אַמעריקאַנישע אויסשפראַך פון דעם וואָרט „מאָסיו" איז פראַנצויזיש! אויף אַזויפיל טאָג־טעגלעך — וויפיל מאמז שאַמפאַניער איז דער טעגלעכער טרונק פון אַ יידישן שניידער.

ניין, „ניו" איז נישט קיין דראַמאַטישע טאָגטעגלעכקייט. „ניו" איז אַ טראַגעדיע דע־לוקס. אַ סאַלאָן־טראַגעדיע פון אַ פרוי, וואָס שלאָפט אויף אַ סאַמעט־באַרג פון רויטע קישנס, באָדט זיך אין אַ טייך פון פליסיקע דימענטן און חלומט שעכערעזאַדע חלומות. „ניו" האָט ליב איר מאַן און אויך איר געליבטן, אָבער מער פון אַלץ האָט זי ליב די ל י ב ע, אָן וועלכער זי קאָן נישט לעבן.

„ניו" האָט אַ חוץ די גוטע זאַכן אויך אַ יתומל, וואָס זאָגט קדיש מיט די אויגן. דעל „ניוס באָי", — אָדער דער זון פון „ניו", וועלכער קומט אַריינצולויפן אין סאַמע רעכטן מאָמענט, ווען מען שיסט און ער שרייט: פאַפאַ. די גאַנצע סצענע מיט דער שיסעריי — צווישן מאַן און געליבטן — איז געמאַכט פון זיידן שפינוועבס, באַפאַרבט מיט אַ זונענאויפגאַנג אויף אויסצאָלן.

דערפאַר ווערט דאָס קינד ש פ ע ט ע ר צ ו זייער אינטערעסאַנט און ליב. (ווי גוט ער קאָן די קינדער, דימאָוו, ער האָט זיי ליב ר ו י ע ה י י ד!) און מאַנכע פון דעם קינדס מאָמענטן — ווי דעמאָלט ווען די דינסט לעגט אים שלאָפן, און בעת ער קומט אַריין אין טויטנצימער — זענען אפשר די פאַרביקסטע אין דער גאנצער פיעסע.

— — — — — — — — — — — —

אַרויסגייענדיק פון טעאַטער האָב איך געהערט ווי איין דאַמע האָט געזאָגט צו אַ צווייטער: „איט׳ס ע גוד פּלעי באָט איט איז טוה ניו!״ און איך האָב פאַרשטאַנען פאַר וואָס די־ אַמעריקאַנישע קריטיקער, וועלכע באַגייסטערן זיך פאַר יעדן אַ.טוואַרג, האָבן אָט די פּיעסע אויפגענומען אַזוי קאַלט, אַזוי־ סיבּיריש.

# „אײביקע זינד"

טעאַטער; פּיפּעלס.
אויטאָר: וויליאַם סיגעל

מוטער מײַנע. איך האָב גאָרנישט געוווּסט, אַז דו ביסט מײַן מוטער. פֿאָטער, וואָרום האָסטו מיר גאָרנישט געזאָגט וועגן מײַן ליבער מאַמעניע? אָ, גוטע מענטשן, קומט אַרײַן און הערט!!!!! (פֿינף אין צאָל).

דאָס דאָזיקע איז אַ טייל פֿון אַ שלוס־פֿאָרהאַנג אין דעם שטיק „אײביקע זינד". די „אײביקע זינד" איז נישט געשריבן, נאָר פֿ אַ ר פֿ אַ ס ט — מיטן אַקצענט אויפֿן לײדיקן „פֿאַס": דער פֿאַרפֿאַסער וויליאַם־שעקספּיר־סיגעל האָט דאָ געטון פֿאַרפֿאַסן אַ פֿאַרפֿאַסונג. זײַן דיקטום: וואָס ערגער אַלץ בעסער. זײַן מאָטאָ (גענומען פֿון מיר) — יעדע טעאַטער שטיק קאָן האָבן אַן ערפֿאָלג אין יידישן טעאַטער — אויב מ׳שפּילט עס נאָר ש ל ע כֿ ט און מ׳סצענירט עס אָ פּ ש ײ ל ע ך.

אין לעצטן האָט זיך דער פֿאַרפֿאַסער אַ ביסל אָפּגענאַרט. די סצענירונג איז נישט שלעכֿט. און דאָס שפּילן? אָט אַזוי, שטעל איך מיר פֿאָר, שפּילן די באַרמהאַרציקע מלאָכים, בעת זיי קריגן אַ באַפֿעל אַרויסצושלעפּן פֿון די באַהאַלטענע הימל־קאַמערן זעק מיט דיפֿטעריע — פֿאַר די יונגע קינדער וועגן. זיי קרעכֿצן און שלעפּן די זעק, זיי פֿאַרגיסן הימלישע טרערן, און זיי גיבן פֿונדעסטוועגן אַכֿטונג, אַז אַ ברעקל דיפֿטעריע זאָל נישט פֿאַרלוירן־ווערן. די דיפֿטעריע — דאָס איז דער

טעקסט. די ווייס־פליגלדיקע מלאכים — דאָס זענען די שוי־שפּילער פון פּיפּעלס טעאַטער. וואָס קאָנען זיך נעבעך העלפן די אָרעמע שירה־זינגער און לכה־דודי־טענצער? נישט ביי זיי איז די מאַכט צו זאָגן: גאָטהייט, דו געפעלסט מיר נישט! קאַ־סעקעסטל, איך גלויב נישט אין דיין כישוף־כח! עס איז אַ פאַרפאַסונג, מיינע ליבע. עס איז דאָס געזעץ פון דער הינטער־קוליסן־נאַטור און פון דעם טייוול סעינט־סענטום. קאָן מען די פאָרמולע: מען נעמט אַן עסלעפל מאַדאַם־עקס, און מען מאַ־דאמעקסלאקסירט — מיט אַנטשולדיקונג — מיט דראמע, מיט קאָמעדיע, מיט טראַגיזם. דער אופן: אַ דאָקטאָר אָן אַ ווייב, צעריסענע זעלען, מיט צוויי „עע", ווי ביי אַ לעמעלע. אַ טאָכטער, וואָס האַלט זיך ביים אומגליקלעכן פאָטער אין שטוב און ער ווייסט נישט. די מוטער ווייסט אויך נישט. ביז צום סוף, ווען דער ברודער הייראַט מיט דער שוועסטער, און פלוצים! אַך, זע! עס הויבט זיך אָן אויספּרעסן — שניידעריש גערעדט. עס הויבן זיך אָן אַריינגנייען די אַרבל פון די צעריסענע זעלען — טאָפּעל־ע, ווי אַ „מע־ע". עס לויטערט זיך דער „ביטערער בעכער, צוליב וועלכן מען איז מיטן לעבן נישט זיכער" (הער דאָס ליד! האָרך דאָס געזאַנג!) און סע ווערט אָלרייט טאַקי „האַקי־פּאַקי" (פאַרנעם די טרערן פון די צוויי זינג־פייגל: מאַדאם טאָביאַס און הער שענגאָלד!) און אַלצ־דינג ענדיקט זיך בכי טוב, וועריגוד. נאָך פלוס אולטרא. אַ חוץ וואָס די מוטער שטאַרבט אַ קאַפּעטשקע אַוועקעט. אַוועקגע־שטאָרבן, אַוועקגעשטאָרבן אַ פולע פור מיט ווייבער. זיי גראַ־גערן, זיי גראגערן — אַ בראָך צו זייערע לייבער. (אַנטשול־דיקט די גראָבע רייד פונם פאָלקס־ליד!)

דאָס איז טראַגיזם. מאַכיוו, נישט וואָר? און ווי ווערן מיר, אוממענטש, קריטיקער, גערירט פון אירע ליידן. זי ליידעט, ווייל ער, דער העלד, האָט זי נישט פאַרשטאַנען. ער האָט גע־מיינט, אַז גאָלד, רייכטום, צירונג איז אַלעס. אָבער זי — וועהעה! זי האָט געשמאַכטעט נאָך ריינער ליבע, נאָך צערטלעכקייט, נאָך אַביסעלע גליק! און זי האָט געוואָלט געניסן פון דער ליב־עה. א.אַ.וו.

# חיים נחמן ביאַליק

## I

„אַז ווייל איז צו אונז"—האָט געזאָגט דער דיכטער יהואש אויפן ביאַליק־אָוונט, מיטוואָך אין „מעקא־טעמפל". „אז ווייל איז צו אונז, וואָס מיר האָבן דערלעבט מיט אונזערע אייגענע אויגן צו זען... ביאַליקן, און מיט אונזערע אייגענע אויערן צו הערן אים."

וואָס קלערט איר? מיר אַלע דאָ אין דער אַמעריקע (די פיר מיליאָן איזראַעליטיקער) האָבן ביז איצט אויך געמיינט אַז מיר לעבן. אָבער ס'איז קיין לעבן נישט געווען, ס'איז געווען... געמוטשעט. וואָרום וואָס קומט עמעצן אַרויס, אַז מען מאַכט אַ לעבן און מ'איז געזונט און מ'האָט אַן אייגן הויז אין באָראָ־פּאַרק, אַז... מ'קאָן נישט זען ביאַליקן מיט די אייגענע אויגן, און אים הערן מיט די אייגענע אויערן?

אמת איז, אַז אַ פאַרחלשטער ביאַליקיסט האָט צו „יעדענקער צייט" געקאָנט הערן אַ גלייכוואָרטל ו ע ג ן... ביאַליקן, זען ביאַליקס ליכטיק פּנים (מיט די וואָנצעס, וועלכע ער האָט שוין היינט נישט) געדרוקט אין זשורנאַלן, און אין בלעטער, אָדער אָפּנעמען „אַ גרוס פון ביאַליקן" פון די 666 „שלוחים", וואָס פאָרן אַלע מינוט אין יענעם לאַנד אַריין, ווי מילך־און־האָניק רינט פון... אורי צבי גרינבערגס ליפּן.

אָבער ס'איז נישט געווען גענוג. צו זען ביאַליקן מיט די

אייגענע אויגן, צו הערן אים מיט די אייגענע אויערן —
אָט דאָס איז געווען מיין חלום שבחלום, מיין האָפֿנונג שבהאָפֿ־
נונג. איך האָב געפֿילט, אַז ביז וואַנעט גאָט וועט מיר נישט
העלפֿן און איכ׳ל דערלעבן צו זען חיים נחמן ביאַליקן מיט די
אייגענע אויגן, און אים הערן מיט די אייגענע אויערן, וועט
עס זיין אַ טעמנע, וויסט לעבן, מ׳שטיינס געזאָגט! אָן אַ שטראַל
ליכט, אָן אַ האָפֿנונג, אָן אַ שטאָ־ניעבוט.

מיטוואָך ביינאַכט האָב איך ענדלעך זוכה געווען צו זען
ביאַליקן מיט די אייגענע אויגן און אים הערן מיט די אייגע־
נע אויערן.

פֿאָלאָזשימע: מ׳קאָן אייך זאָגן, אַז כ׳האָב שוין אין מיין
לעבן געזען עפּעס שענערס ווי ביאַליקס גלאַט פּנים, וואָס פֿאַר־
כאַפּט אַ שטיקל פֿון קאָפּ אויך, און געהערט עפּעס זיסערס ווי
ביאַליקס שטימע, אָבער וואָס איז די שיינקייט פֿון אַלע „זיג־
פֿעלד גויר׳ס״, אַז מ׳פֿאַרגלייכט עס מיט דער הוד־מלכותדיקער
שיינקייט פֿון אונזער גרעסטעסטעסטן נביא־משיח אַפּאָסטאָל־
משורר חיים נחמן ביאַליק? וואָס זענען אַלע אונזערע שאַליאַ־
פּינס, און קאַסאַלס און קרייזלערס, אַז מען גיט זיי אַ פֿאַר־
גלייך מיט דער מתיקותדיקער, זיסנקענקער זיסקייט, פֿון דעם
פּיצל שופר־של־משיח קול פֿון אונזער קאָלאָסאַלטעסטעסטן משורר,
וואָס זינגט (לויט ריכטער מעקס רייד) ווי אַ שוועלבעלע צווישן
די הושענא־בלעטער, וואָס וואַקסן ביים ירדן אין עין־גדי, נעבן
טייך חידקל, נישט ווייט פֿון כרמל און פֿונם הר־גריזים, ווו עס
שטייט די מערת־המכפּלה, אין שכנות מיט דער כּותל־מערבי,
ווו ס׳משכּן איז אַמאָל געשטאַנען, און ווו אונזערע גרויסע
נביאים און כּוהנים האָבן געריבן די בשמים און געמאַכט

הדק היטב

היטב הדק

(מחמת ס׳קול איז זייער געזונט פֿאַר די בשמים...)?

וואָס זענען מיר פֿאַר אַ פֿאָלק, צום גוטן יאָר, וואָס יע־
דער קינסטלער ווערט ביי אונז געמאָסטן לויט זיין אויפֿגע־
שטעלטן ווערק, לויט די „פּאַפּירן־פֿאַנכירן״, וואָס מען צעקנאַקט

אַרום זיין נאָמען? פאַרוואָס האָבן מיר אַ טבע צו מאַכן פון יעדער קונסט אַ... ספּאָרט, אַ זאַך אויף צו וועטן־זיך, אויף צו פּערן די קאָנקורענטן די גאַל?

מילא — אינם געבענטשטן אַמעריקעלאַנד, ווו אַלצדינג איז „ספּאָרט", איז גרינג צו פאַרשטיין, פאַרוואָס דער וואָס קאָן שפּייען ווייטער פון אַלע אַנדערע, זאָל געקרוינט ווערן פאַר דעם גרעסטן וועלט־שפּייער. אָבער מיר? אַ פאָלק פון אין־זיך זוכעניש, פון פאַרטיפטקייט, פון דממה־דקה־געטלעכקייט, — ווי קומט צו אונז די געצנדינערייי, די דערהויבונג פון אַ משהן איבער די לוחות אַ ר י ב ע ר, דאָס גלויבן, אַז „דער חזן מיטן שיינעם קול", וואָס דאַוונט און בעט גאָט פאַר „אונז" (פאַר 999 דאָלאַר אַ דאַוונען) איז אַליין אַ שטיקל גאָט?

אָפּערע און וועלט־שמערץ! חזנות און נביאות! און דאָס טראָגן פונם טרער־קריגל אויפן זיידענעם גאַרטל! און דאָס אַרויסברילן דאָס געבריל פונם לייב, ווען מען ליגט אויפן בוידעם און מ׳באַהאַלט זיך פאַר דעם משוגענעם הינטל אין גאַס? דאָס אַרומגיין צווישן וווּנדיקע מענטשן און... שיטן זאַלץ אויף זייערע ווונדן, ווי אַ נביא, אָנשטאָט אַרויפגיסן אַ ביסל פּראָסטע לייגזאָמען־אייל, ווי אַ רופא... דאָס רייסן־זיך די האָר און קוקן אין שפּיגל, צי סע פּאַסט צום פּנים... דאָס אָנהענגען דעם בליק אויפן קאַנטשיק און מיט אים איבערשרעקן קליינע, זינדיקע, פאַרמאָרעטע קינדער, וואָס האָבן שוין דריי טעג אַ ביסן ברויט אין מויל נישט געהאַט.

ס׳איז טעמפּל־מעקא. ריכטער מעק מעקעט אין מעקא־טעמפּל. די הערן אָבערקעלנערס פונם ציוניזם רינגלען אַרום דעם גאַסט, רעדן אויף אַלע 77 לשונות פון דער וועלט. מ׳צערייצט שיעור דעם גרויסן מעקא־אָרגל, וואָס מ׳אַוקעט־אויס ס׳ליד פון אונזער קאַצניאָמער. דאָס געזאַנג פון אונזערע ווונדן, וואָס איז געוואָרן אַ געשעפטל פאַר... ציוניסטיקער, אַ ווערך אויף אַ צילינדערדיק ביזנעס־שטריימעלע...

עס מעקעט דער אָרגל, עס גרעמצן די פאַנפאַרן, עס גראַבלען די פידלען, עס כליפּען די „זיסע זינגערלעך" — די

מעק און די בעק, די „שיף“ און די שאָף, די מייז און די „ווייס“...

די בינע איז פול מיט די אָבערקע/נערס פון דער גלות השכינה. דער גרויסער משורר איז אַרומגערינגלט מיט טעלער־טרעגער, טעלער־לעקער, טעלער־ברעכער — —

אויפן ערשטן און צווייטן באַלקאָן זיצן עטלעכע פאַרשעמטע יידישע דיכטער, וואָס האָבן נישט געהאַט צו באַצאָלן קיין דריי טעלערלעך פאַר אַ בילעט. אונטן, צווישן עולם, זיצן מאָלערס, שריפטשטעלער, חברים — זיך אָנגעטאָן אַ כח און באַצאָלט די דריי טעלערלעך. אָבער אויבן, אויף דער בינע, אַרום דעם גרויסן גאַסט, וואָס „אונזערע אויגן האָבן ענדלעך דערלעבט צו זען“. זיצט פ. מ. ראַסקין, מאַסליאַנסקי, „אנא“, אב. גאָלדבערג... ריכטער מעק און „לאָיער“ בעק און שפיי־אַ־קלעק... דער פאַרך באַצירט די קרוין, זיצט איבער איר!

די „אָבערקעלנערס“ רעדן אויף אַלע שפראַכן, קעלנערן, טראָגן־אונטער אַ שמייכל, אַ קאָפ־שאָקל, אַ האַנט־גלעטל און דער אָבער־אָבערקעלנער, מסיו ליפסקי, טוט .יפ אַרבעט, צעטיילט די באַנקעט־גראַגערס, די פאַפירענע מוזיק־מיצן. די קאָנפעטי, די פאַרביקע שטראָם־וואַרפערס.

„דער חילוק צווישן אַ שלעכטן מגיד און אַ גוטן מגיד“ זאָגט מיר אונטער עפּעס אַ פרעמדער מענטש, „איז דאָס: דער גוטער מגיד ג ג ב ע ט ב יי ג ו ט ע מגידים; דער שלעכטער מגיד גנבעט ביי שלעכטע מגידים“...

דאָס איז וואָר!

יהואָש און נחום סאָקאָלאָוו זענען נאָך די איינציקע, וואָס האָבן עפּעס אַ נאָענטקייט צום דיכטער. אָבער — ווער זענען די מעק און די בעק און שלעק און קלעק? און וואָס אַרבעטן אַזוי די „פאַנפאַרן“, און וואָס שיקלט אַזוי מיט די אויגן די קאַסאָקע יידישע דיפּלאָמאַטיע?

ליפסקי זאָגט: „ביאַליק שרייבט אויף פאַרמעט“. ריכטער מעק מעקעט וועגן דער „דיאַספּאָרע“ און וועגן — פ ר אָ פ י ט (צי האָט ער אפשר געזאָגט „פראָפעט“? — שווער צו כאַפּן גע־

נוי דעם קליינעם ניואַנס, וואָס ליגט צווישן די צוויי ווערטער!) הינטער די קוליסן בליצט אַ בלאָ ליכט, סע שיסט אויס, מ'נעמט הפּנים „פּיקטשעס". דער עולם איז אין גרויס אומגעדולד, דער אָרגל האָט שוין קיין כּח נישט. די קאַנטאַטעס און קאַנמאַמעס לאָזן נישט אָפּדעכן. אויבן, אויף דער גאַלעריע האָרעווען די פּיטש־פּאַטשער. זיי דערהרגענען די אַפּלאָדיסמענטן יונגערהייט צווישן די קאַלטע דאָלאָניעס. עס איז שווער־יום־טובדיק, עפּעס אַ מין צוואַנג־יום־טוב. אַ יום־טוב פון מ'מוז און מ'טאָר נישט, אַ מתנגדישע פּייער־נאַכט, מיט קאַלטעגעזאַנגען, פאַרכריפּעטע אָרגלען, וואַכעדיקע פידלען.

ביאַליק זיצט מיט אַן „אויפגעבּוישטער ברוסט", ווי ער וואָלט געהאַט אַ ווייסן האָרב אויפן האַרץ. נחום סאָקאָלאָוו האָט (כּמעט) דעמזעלבן האָרב, אָבער ער טראָגט אים ווי אַ צירונג, נישט ווי קיין לאַסט...

דער דע־לוקס האָרב פון דער יידישער דיפּלאָמאַטיע!

ביאַליק זיצט מיט ביידע הענט אויף די קניעס. שמייכלט אַ ביסל רעכטס, אַ ביסל לינקס, אַ ביסל אינדערמיטן. דער שמייכל איז אַ שווערער, טוט ווייי. איר האָט ס'געפיל: איר ווילט אים אונטערהעלפן אַ שמייכל טאָן, ער זאָל זיך נישט דאַרפן אַזוי מאַטערן.

אָפּגערעדלט די „ער־איז־נישט־נאָר — נאָר אויד'ס" (אַלע אויף גויאיש, אַ חוץ יהואָש, וואָס האָט גערעדט כּמעט יידיש) און — מ'שטעלט פאָר ביאַליקן. סאָקאָלאָוו אַליין הויבט־אויף דעם פאָרהאַנג פון ביאַליקס ערלעכן, אומבאַקוועמען שווייגן מיט אַ... ליד צום דיכטער (איך האָב געטראַכט: דער חילוק צווישן יידיש און העבּרעאיש איז, וואָס אויף העבּעאיש דאַרף מען בלויז אַליין פאַרשטיין, וואָס מען זאָגט. אויף יידיש אָבער דאַרף מען אי אַליין פאַרשטיין, וואָס מען רעדט און מראַרף נאָך, אַז יענער זאָל אויך פאַרשטיין. דערפאַר איז יידיש צוויי מאָל אַזוי שווער ווי לשון־קודש). ביאַליק שטעלט זיך אויף מיט אַ מינע ווי מ'וואָלט אים געפירט צו דער תּליה. ער גיסט זיך אָן אַ קליין בּילס וואַסער אין גלעזל. ער הויבט אָן רעדן אויף יידיש מ'הערט נישט וואָס ער זאָגט. עס דונערט דורך אַ געלעכטער

דאָס בעסטיע־געפיל איז אויבן־אויף: מ׳פרייט זיך: אַ מענטש וועט פאַלן, ברעכן האַלז־און־נאַקן. אָבער ביאַליק קומט צו זיך, הויבט אָן רעדן העכער, קלאָרער, מיט אַ קיעווער אויסשפּראַך: „טאַטע״, „מאַמע״, „קאָץ״.

יעדעס וואָרט שלעפּט ער פון זיך אַרויס מיט צוואַנגען. יעדעס וואָרט קומט ראַטעווען ס׳פריערדיקע וואָרט. די ווערטער קומען ביי אים נישט ביז אויף דער לעצטער רגע... מיט אַ רגע פריער, ווי ער מוז זיי אומבאַדינגט האָבן, זענען זיי נישטאָ.

ביאַליק רעדט צוערשט מיט ווינציק זשעסטן, שטייט מיט ביידע הענט אָנגעלענט אָן טישל, ווו די צוויי העלפטן פונם מגן־דוד ליגן יידישלעך־קאַפּויער איינס אויפ׳ס אַנדערע („ליגסטו מיטן שפּיץ אַהין, ליג איך מיטן שפּיץ אַהער״, הייסט דאָס).

שפּעטער, אַז ער דערוואַרעמט זיך, הויבן־אָן מיטאַרבעטן די ברילן. ער שטופּט זיי אַרויף אויפן שטערן. זיי קומען אַראָפּ אויף די אויגן. ער טוט זיי אויס, און טוט זיי אָן. און שטופּט זיי אַרויף און זיי פאַלן אַראָפּ.

קיין שלום נישטאָ ביי אַ יידן — אפילו מיט די אייגענע ברילן!

בעניי־ביי דערמאָנט זיך דער גראָבער פינגער, אַז ער האָט אויך עפּעס צו זאָגן. רעדן שוין ביידע: אי ביאַליק, אי דער פינגער. ביאַליק זאָגט: „ציוניזם איז אַ שלעכטע „ביזנעס״. איר האָט אינגאַנצן נישט געדאַרפט אַריין אין אַזאַ געשעפט. נאָר איינמאָל, זענט איר אַריין, מוזט איר ענדיקן״.

זיין פינגער זאָגט: אפשר פאַרקערט? — כ׳ווייס, אפשר איז קיינמאָל נישט צו שפּעט פּטור צו ווערן פון אַ צרה? ביאַליק זאָגט: „זינדיקן גייען אונזערע קינסטלער צו אַנדערע. תּשובה טון קומען זיי צו אונז. מיר ווילן, אַז די זינד זייערע זאָל אויך בלייבן ביי אונז. עס זאָל קיין זאַך נישט פאַרלוירן גיין״.

זיין פינגער זאָגט: כ׳ווייס, אפשר איז דאָס אַ נאַטירלעכע זאַך? וועלכער מענטש זינדיקט עס ביי זיך אין דער היים? דער גאַנצער טעם פון דער זינד ליגט דאָך אין דעם, וואָס —

כ׳באַגייט זיי מיט פרעמדע, נישט מיט אייגענע...

ביאַליק זאָגט: די יידישע שפּראַך האָט געזאָלט פאַרייביקן אונזער פאָלק, צום סוף האָט זי גאָר צעשפּאָלטן.

זיין פינגער זאָגט: כ׳ווייס? אפשר איז גאָר נישט שולדיק דאָס יידיש, נאָר דאָס העברעיש? יידיש האָט געוואָלט אַרומנעמען ווי אַ רייף, געשטעלט דאָס אַלטע פאַס אין וואַסער, אין טרערן, עס זאָל זיך פאַרווייקן און גאַנץ ווערן, אָבער העברעיש האָט געשטעלט ס׳פאַס אויף דער זון פון נאָבלקייט, צעטרוקנט, צעשפּאָלטן, צעלעכערט?

ביאַליק זאָגט: די גרעסטע לייסטונג פון די יידן אין גלות איז, וואָס זיי האָבן עקסיסטירט.

זיין פינגער זאָגט: אפשר איז בעסער צו זיין אַ דעמב אין וואַלד און זיך ברעכן, איידער צו זיין אַ ווערבע אין וואַסער און זיך בויגן.

ביאַליק זאָגט: איין ייד אין ארץ ישראל באַטרעפט מער ווי אַ מאַסע יידן אין גלות.

זיין גראָבער פינגער זאָגט: כ׳ווייס? אפשר לעבן די קעלבלעך בלויז צוליב דעם, אַז דער פרומער דאַווענער זאָל האָבן רציעות צו די תפילין?... אפשר לעבט די בהמה בלויז צוליב דעם, אַז דער שוחט זאָל האָבן איבער וואָס צו מאַכן אַ ברכה?

ביאַליק וואַרפט מיט משלים פון תלמוד, שטאָלפּערט אַ ביסל איבער א ו נ ז ע ר לשון־קודש (כ׳האָב שוין אַמאָל געזאָגט, אַז אונזער איינציקער לשון־קודש איז... יידיש. אויף דער ביבל־שפּראַך האָבן מיר געשניטן גראָרגלען און „געשפּרינגלט בלוט" אויף די טירן, פונקט ווי אַלע „לייטישע" פעלקער; אויף יידיש האָט מען אונזער ביסל רויטס צעגאָסן, אונזערע לעבנס געשענדט).

ביאַליק דערשלעפּט זיך מיט גרויס מי צו זיין סוף־דרשה. זיין גרעסטע שיס־ביקס איז אָנגעשטעלט קעגן דער יידישער קאָלאָניזאַציע אין רוסלאַנד. ער כעכע׳ט, לייגט עס אַרונטער הינטער די גלעזלעך פון זיינע ברילן, און צעשמייכלט עס אויף

פּיצ-פּיצלעך. מאַכט אַ תּל-עולם פון דעם איינפאַל, אַז יידן זאָלן זיך איינפלאַנצן אין דער רוסישער ערד. „מיר האָבן ביז היינט, זאָגט ער, געהאַט אַ סך יידישע קיבוצים — אין שפּאַניען, אין פראַנקרייך, אין דייטשלאַנד, אין פּאָרטוגאַל. זיי זענען אַלע חרוב געוואָרן און די געשיכטע לערנט אונז, מאַכט ער, אַז דאָס וואָס האָט געטראָפן איינמאָל, קאָן טרעפן נאָכאַמאָל".

איך וויל אַרויפלויפן אויף דער בינע און ענטפערן, אַז „ארץ ישראל" אַליין איז אויך אַמאָל... חרוב געוואָרן, — אויב ער געדענקט. דעריבער דאַרף מען אָננעמען, אַז סע קאָן נאָכאַמאָל, חלילה, חרוב ווערן... דעריבער דאַרף מען בעסער בויען אַן אייגן לאַנד אין דער פרעמד, ווו אויב סע וועט, חלילה, חרוב ווערן, וועט עס בלויז זיין אַ ווייטיק, אָבער נישט קיין בושה...

אָבער — די אָנפירער פון ציוניזם האָבן פאַרכאַפּט די גאַנצע אויבן-אָן בינע. קיין פּלאַץ נישט געבליבן פאַר איינעם וואָס וויל אַנטקעגן-רעדן.

---

אַ קליינער אינצידענט: אַז ביאַליק איז אַריינגעקומען און זיך אַוועקגעזעצט, האָבן זיך אַלע אויפגעשטעלט לכבוד ביאַליקן — אַ חוץ ביאַליקן אַליין. האָט עס פאַרדראָסן סאָקאָלאָוון: האָט ער אים געגעבן אַ צופּ ביים אַרבל, ער זאָל זיך אויפשטעלן, אָבער ביאַליק האָט אים אָנגעקוקט מיט תמעוואַטע אויגן: ער האָט נישט געקאָנט פאַרשטיין, פאַרוואָס ער זאָל זיך אויפשטעלן פאַר זיך אַליין... וואָס איז ער ביי זיך! אַ גאַסט! אַ גרויסער מענטש? ער קען זיך דאָך פערזענלעך נאָך פון דער היים.

## II

די „פרייהייט" האָט נישט געהאַט קיין רעפּאָרט-געבער ביי דעם ביאַליק-אָוונט, וואָס דער י. ל. פרץ שרייבער-פאַראיין פון ניו-יאָרק האָט פאַראַנשטאַלטן זונטאָג געגעבן לכבוד (און אַ

קליין ביסל לגנאי) חיים נחמן ביאַליק. דאָס איז אַ שאָד. מיר אַ׳יין איז שוין אַ ביסל פריקרע פון דעם ביאַליק־געפויק. אָבער עס איז נויטיק, עס זאָל פאַרצייכנט ווערן דער קעגנשטעל און דער צאָרן און דער ווייטיק פון אַ סך פון אונזערע שריפט־שטעלער, ווי ער האָט אויפגעפלאַקערט אין דעם ענטפער צו ח. נ. ביאַליקס שלוס־רעדע.

ביאַליק האָט (ווי ס׳ערשטע מאָל, ווען איך האָב אים גע־הערט אין מעקאַ־טעמפל) גערעדט מוראדיק צו־דער־זאַך. ער האָט געבראַכט משלים און פסוקים. אַנעקדאָטיש אָן אַ שיעור— צו באַוואָרענען זיין געדאַנק, אַז פאַלעסטינע איז דער סאַמער וועריך אויף אונזער פאָליטישן ספאָדיק, און אַז די „גלות־יידן" זענען געגליכן צו די צען שבטים, וואָס זענען אומגעקומען בעת די צוויי הייליקע לשון־קודש־שבטים זענען אַנטריגען גע־וואָרן און געבליבן לעבן.

ביאַליקס דרשה איז געווען אַ פיל־געפליטערטע, סאָליד־געקייטלטע. זיין קול האָט געקלונגען וואָרהאַפטיק, ווען ער האָט געזאָגט: „לאָמיר זיך, ברידער, פאַרשטיין, ׳אָמיר זיך קוקן איינס ס׳אַנדערע אין די אויגן אַריין".

איך האָב אים געקוקט אין די אויגן אַריין און געגלויבט — אַז די אויגן ווייסן נישט דאָס, וואָס אפילו ביאַליקס האַרץ האָט מורא צו ווייסן. איך האָב געזען די זעונג פון אַ פאַווע, וואָס פליט מיט ברענענדיקע פליגלען. — ווער ווייסט צי וועט זי צוריק אַרונטערקומען?

געענדיקט ביאַליקס אָראַטאָריע, האָט דער פאָרזיצער, א. ש. זאַקס אַ גלאָז געטון מיטן קול און געזאָגט: „כדי נישט קאַ־ליע צו מאַכן דעם גוטן איינדרוק, וואָס ביאַליקס רעדע האָט געמאַכט, מאַך איך אַ פאָרשלאַג, אַז מער „קיינע" רעדעס זאָלן נישט געהאַלטן ווערן. ביאַליק (האָט געזאָגט א. ש. זאַקס) איז אַן אינסטיטושאָן, און אַלס אַזעלכע" — און אַזוי ווייטער.

האָט עס פאַרדראָסן אַ. גלאַנצן און מיך און אָפּאַטאָשון און גלאַטשטיינען און טשעסטערן און אַנדערע קאָלעגן. נישט געוואָלט, אַז די פרעסע אונזערע זאָל אַרויסקומען און פאַרזיג־

לען ביאַליקס בריוו צום פֿאָלק ישראל מיט דעם (לאָמיר זאָגן) רויטן בלוט־און כּעס פֿון אונזער שווייגן. מיר האָבן אויך אַ היבש ביסל געטומלט, ווען מאַרק שווייד האָט זיך ווי אַ „רענצלטרעגער״ און קנעכט אַוועקגעשטעלט הינטער ביאַליקס בענקל, און... אַפּראָפּאָ די גוטע גענז און קאַטשקעס, וואָס מ'האָט געשאָכטן לכּבוד דעם ביאַליק־פֿייער — גענומען דעקלאַמירן די „שחיטה־שטאָט״ אין דער „הייליקער שפּראַך״, אויף וועלכער מיר האָבן, ווי אַלע לייטישע פֿעלקער, געקוילעט קרבּנות, און געשניטן העלזער.

מ'האָט אָנגעהויבן קריקוואַרפֿן די שיינע בלומען, — גלייך אין פּנים אַריין. אַ סך פֿון די „שושנים״ זענען געווען באַגאָסן מיטן בישט־שמעקעדיקן, אָבער זייער פֿלאַמענדיקן נאַפֿט פֿון אונזער טונקעלער טיפֿער ערד אַרויס.

מען האָט געצויגן כּשרע מעסערס (אָפּאַטאָשו און דר. מוקדוני) און פּעכט־זעבלען (ש. ניגער און א. גלאַנץ) און פּענמעסערלעך (דוד פּינסקי, דר. קאָראַלניק און מנחם). עס איז געווען אַ ווערטערדיקע בלוט־מלחמה. פֿאַר אונזער געשענדט לעבן, פֿאַר אונזער דערנידערונג, פֿאַר די פֿאַרשוועכטע ווונדן, פֿאַר די „געלע לאַטעס״ אויף אונזער לייב. פֿאַר די וואָס „זיפּצלען גראַציעז״ אויף חורבן ירושלים און העלפֿן מיט אַלע כּחות חרוב־מאַכן ס'נייע רוסלאַנד, וואָס זיין חורבן וואָלט געווען טויזנט מאָל קאַטאַסטראָפֿישער פֿאַר די יידן פֿון אַלע ביז איצטיקע חורבנס.

---

חיים נחמן ביאַליק! איך האָב געפֿאָלגט אייער עצה צו די „ברידער״ און געקוקט אין די אויגן אַריין און איך האָב געזען: איר זענט געזעסן מיט אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, בעת מיר האָבן גערעדט און די אויגן נישט אויפֿגעהויבן.

עס קאָן זיין, אַז איר, קאָלעגע ח. נ. ביאַליק, זענט אַזאַ גרויסער נביא ווי ישעיהו אָדער ירמיה אָדער עמוס. אָבער עס גייט נישט אין דעם. עס האַנדלט זיך, פֿאַרשטייט איר, וועגן

דעם, אַז מיר מאַמע־לשוניסטן, ווילן נישט קיין „חורבות מיט מאָדערנע איינריכטונגען". מיר ווילן נישט קיין „כּותל מערבי" מיט הייס־און־קאַלט וואַסער און מיט אַ וואַנע. מיר ווילן נישט רעמאָנטירן אונזער חרובן עבר, סע וועט קאָסטן ביליקער און סע וועט זיין שטאַרקער, אַז מען וועט פון נייע מאַטע־ריאַלן אַ נייע צוקונפט בויען... און נישט נאָר פאַר די שבת־יום־טובדיקע יידן, נאָר אויך פאַר די מאָנטיק־דינסטיקדיקע לייט, וואָס טראָגן נישט קיין ציצית פון בלאָען תּכלת — —

מיר קאָנען זיך זייער גוט אָן נייע נביאים באַגיין — ווי מיר קאָנען זיך באַגיין אָן אַ „שענערע וואַנט" אויפן אָרט (אָדער אין צונויפשלוס) פון דער כּותל־מערבי...

עס איז וואָר, איר האָט שיינע ציגל, פיינע פענצטער, בלישטשענדיקע נייעם קאַבליעס. אָבער — מיר ווילן געניסן אונזערע חורבות אויף אַן אָרעמען און חרובן שטייגער. מיר ווילן אונזער אַלטן טרויער־סימן נישט אויפבאַנייען... מיר ווילן קיין פּאַפּירענע חבצלתלעך נישט אויף אונזער אמתן דאָרנבוים.

און — הייליקייטן! נו, זאָגט א י ר עס?! די מענטשן וואָס האָבן אייך אַראָפּגעבראַכט אַהערצו (דאָס האָט אויך קאָלעגע ש. ניגער געהאַט דעם גרויסן מוט אייך צו זאָגן) זענען דאָך אונזערע ביטערסטע שונאים. נישט נאָר שונאים פון מאַמע־לשון זענען זיי, נאָר אויך שונאים פון העברעיש, שונאים פון יעדן אויפהויב אונזערן, שונאים פון יעדן פּיצל פייער, וואָס גייט־אויף אין אונזער טעמנעם לעבן.

יאָ, שונאים זענען זיי, — שונאים! די אַלע בעק־און־מעק, וואָס האָבן אייך אַהער געבראַכט — צוליב וואָס, מיינט איר, האָבן זיי אייך געבראַכט? פון ליבשאַפט צום יידישן גרויסגייסט? פון ליבשאַפט צום דערוואַכן פון אונזער פאָלקס־געוויסן? זיי האָבן אייך געבראַכט מיט דער כּוונה — צו פּאַטשן אונז מיט אונזער אייגענער האַנט...

איר, אונזער „רעכטע האַנט", איז פון יענער טרייפענער האַנט אויפגעהויבן געוואָרן — כּדי אונזער און זייער פּנים אויסצופּאַטשן...

די אַלע פּראָפעסיאָנעלע משיח־ברענגער און ציוניסטיקער — וואָס זענען זיי אויסן? איז זייער כּוונה צו ברענגען אונז קורײק צו זיך, אָדער איז זייער כּוונה אונז אָפּצושמאַדן מיט דעם הײליקן טויף־וואַסער פונם ירדן?

איר ווייסט דעם ענטפער, קאָלעגע ח. נ. ביאַליק, איך האָב עס געזען, ווען איר האָט אויף אַ רגע אויפגעהויבן די אויגן צו ש. ניגער, ווען ער איז אַ דערציטערטער און דער־צאָרנטער געשטאַנען נעבן אײַך, און אויף אײַך געוואָרפן קאָכע־דיקן הייסן בליי — אַלס אַן ענטפער אויף אײַער גלאַנצעדיקן קאַלטן זילבער...

מיט דעם שונא האָט איר זיך באַהאָפטן, קאָלעגע ביאַליק! מיט אונזערע אויסראָטער און צעשטערער! מיט די פּאַרוויסטער פון אונזערע ווײַנגערטנער האָט איר אַ בונד געשלאָסן — מיט די יאַהודים פּאַסקודנע, פון זאַטקייט־צעפּרעסענע, עגל־הזהבדיקע יאַהודים און איזראַעליטן... מיט די, וועמענס פעטקייט איז ווי אַ געשוויר אויף אונזער לײַב... מיט די צעכאָליעטע געמיינע ציילינ־דער־יידן, וואָס נוצן אונזער געלע לאַטע ווי אַ שמאַטע צו זייער פאָן־שטאַנג... מיט די אָפּטריניקע, וואָס זייער הויכקייט איז ווי אַ הויקער אויף אונזער האַרץ... מיט די, וואָס הענגען „מזוזות” אויף זייערע קלויסטער־באָקן און צ׳מים אויף זייער סינאַגאָג־פענסטער — מיט די קוגל־פרעסער דע לוקס, וואָס באַ־שמירן דעם שבת מיט חזיר... מיט די אומווירדיקע שונאים אונזערע, וואָס זענען פון אונזער בלוט־און־פלייש, זעצט מיר ביי אײן טיש... מיט די אָפּטריניקע „יודאַס־יידן”, וואָס לייזן אויס זייער שלעכט געוויסן מיט שקלים און מיט אתרוג־געלט... עך, חיים נחמן ביאַליק! ווען איר זאָלט טאַקע זיין אַזאַ נביא, ווי די ווערטער אייערע ווילן האָבן, וואָלט איר (גלויבט מיר — ס׳איז נישט צופיל מליצה) געדאַרפט אָנטאָן אַ זאַק אַש אויף אייערע לענדן, טאַקע נעמען דעם ערדענעם טאָפּ אין דער האַנט אַריין, אים צעברעכן אויף די גאַס־שטיינער און זאָגן צו די אַלע מצקס־און־בעקס (ווי איר קענט):

„אָט אַזוי

לשון־קודש? יאָ. נאָר אויף י י ד י ש. נאָר דאָס איז אונזער הייליקע שפּראַך — די שפּראַך פון אונזער מאַרטירערשאַפט. אויף העברעיש האָבן מיר געצן געדינט, ווי אַלע עקלהאַפטע געצנדינער... האָבן מיר דעם עגל געמאַכ̄ט, האָבן מיר דעם נביאס בלוט פאַרגאָסן. אָבער אויף יידיש האָט מען א ו נ ז געקרייציקט... האָט מען אונזערע אָדערן געשלאָגן ביז טרוקעניש.

ווי מיט קריסטוסן אַליין! פאַרוואָס ציילן מיר נישט דעם נוצרי צווישן אונזערע הייליקע? צווישן אונזערע מאַרטירער! האָט ער דען נישט זיין בלוט אויסגעגאָסן ווי... לאָמיר זאָגן הילזנער? אָדער הירש לעקערט? מיר טוען עס נישט דערפאַר, ווייל דער שונא האָט אים פאַר זיך אויסגענוצט, און מיט דעם שונא טיילן מיר אפילו קיין מאַרטירער נישט...

און לשון־קודש: וואָס איז אונז היינט אָט די שפּראַך נעענטער, ווי זי איז די מיסיאָנערלעך און די ביבל־טויפערס? קער דען היינט די „הייליקע שריפט״ מער צו אונז ווי צו יענע, וואָס מאַכ̄ן אויף אונז פּאָגראָמען? יעדער גלח קען היינט „לשון־קודש״... יעדער שונא־ישראל, יעדער יעזואיט, און יאַכ̄ודאַמיט צירט זיך מיט דעם. זאָגן מיר דעריבער: דער תנ״ך איז טאַקע אונזער „הייליקע ליטעראַטור״, אָבער איר, אונזערע פיינד, האָט זי פאַרפּאַטשקעט מיט אייער האַנט... זי אויפגעהאָנגען און פאַרגאָטלט... נו, גוט, שניידט זי אָפּ און — הענגט זיך מיט איר אינאיינעם...

מיר טיילן מיט אייך גאָרנישט!

אפילו אונזער שפּראַך נישט... איצט, ווי אין די צייטן פון דער אינקוויזיציע, האָבן מיר אונזער (דערווייל) געהיימע אנוסים־שפּראַך, אונזער שיפער: דאָס איז מאַמע־לשון! דאָס טיילט מיט אונז קיינער נישט — אפילו נישט אונזערע רייכ̄ע און פעטע און פון־אונזער־פאָלקס־גוף אויסגעשפּיגענע... די שוין לאַנג־נישט־געפּאַטשטע און דערפאַר פאַרקריסטלטע יאהודים!

און אַנטקעגן דעם, וואָס איר האָט אין אייער דרשה־עפּילאָגיע געזאָגט, קאָלעגע ביאַליק, אַז ביי אונז האָט זיך בלויז אָפּגעשטעלט דאָס וואָרט און נישט דער טאַט — וואַרפן מיר דאָס אייך צוריק אין די אויגן אַריין! מיר, די לעבעדיקע, זינדיקע, אַרבעטנדיקע זענען נישט קיין רעליקוויעס, רעדן מיר — צוליב טאַט. זינגען מיר — צוליב דעם, אַז אונזער אַרבעט זאָל אונז גרינגער זיין, נוצן מיר דאָס וואָרט צו טויטן דאָס פוילקייט פון האַרץ־און־זעל, בויען מיר נייע בריקן איבער דער חרובער וועלט — שאַפן מיר נייע סאָציאַלע מוסטערן! אין שטאָל־און־שטיין, ווי אין פייער און פעך, אין שיף־זוילן ווי אין שיפקעסלען, אין ברויט־זויערקייט ווי אין וויינטרויבן־זיסקייט — זינגען מיר אונזער געזאַנג, נישט צו דער „טויטער וואַנט", נאָר צום לעבעדיקן פענצטער, ווו די זון ברענט...

העברעיזם און — טאַט! ביי מיר איז אַ ליפּ צעשפּאָלטן און איך קאָן נישט לאַכן! איר האָט פון אַ וויסט לאַנד — אַ גן עדן געמאַכט אין... פּאַמפלעטן. און אפילו אָט די פּאַמפלעטן האָט איר געדרוקט פאַר אונזערע גלות־גרייצערס, גלות־גראָשנס, גלות־פּעניס. און אייערע חלוצים — ווער זענען זיי? די באַלעבאַטישע העברייער? די סוחרימלעך פון אייער סי־געיט־תל־אביב? ניין, דאָס זענען די „גרינע" יינגלעך און מיידלעך, וואָס קומען צופאָרן אויף אַ מינוט און לויפן אַוועק מיט פאַרסמטע הערצער... און אפילו די „אתרוגים" אייערע זענען אויף אונזער מיסט געוואַקסן... ווייל נישט נאָר איר שרייבט מליצה, נאָר איר לעבט מליצה.

יאָ — דאָס שיינדל אייערס — די חלוצים און קאָלאָניסטן זענען בלוט פון אונזער בלוט, — די אַרבעט־גלויבער, אַרבעט־פאַרהייליקער! זיי קומען בויען — פון דער זינדיקער ערד אַרויס, נישט פון דער „כותל־מערבי" אַוועק. זיי שטעלן איין זייערע לעבנס — אויף צו לעבן, ווי מיר אַלע. נישט מער—אייערע „יאַהודים" און ציוניסטיקער מאַכן דאָס לעבן פאַר זיי ביטער און זויער. און זיי מוזן אַנטלויפן אפילו ווען זיי האָבן די מיטלען נישט צו אַנטלויפן.

די משיח־שלוחים (איר קאָנט זיי דאָך, קאָלעגע ביאַליק) גראָבן זיי דען די ערד? פלאַנצן זיי די גערטנער? שלעפן זיי די שטיינער? די אַלטוואַרג־פאַרהייליקער, האָבן זיי דען עפעס מער צו טון, ווי אויסצוגראָבן (ווי איר זאָגט, אַז איר האָט עס געטון) 30 ספרים מיט אַראַמישע און קאָפּטישע שריפטן, וואָס זענען פאַרלוירן געגאַנגען פאַר אונזער „קולטור"? ענטפערט אונז, זייט אַזוי גוט: איז „קולטור" א י ע ר געפליגלט וואָרט, אָדער אונזער פאַרבלוטיקט טייטש־חומש? איז „קולטור" אייער גלאַנציק וואָרט... קעגן „ווערטער־קולט", אָדער אונזער גראָב וואָרט קעגן די פאַררעטער אין צילינדערס, קעגן די „משיח־סיילסלייט", וואָס „קענוועסן" די גאולה אויף 35 פראָצענט „קאָמישאָן"?

איז „קולטור" אייער אַהין־און־אהער פּאָזיציע, אַלץ אויסלייזער, וואָס „ביט אַלעמען איז פּיסעס", אָדער איז „קולטור" אונזער „גלות" — וואָס שטעלט צו די ווונדן, וואָס איר דאַרפט אויסשטעלן פאַר די „קאָסטימערס"?

איז „קולטור" דאָס איידעלע שוועבעלע מיטן „געפערלעכן קעפל", אָדער איז „קולטור" — דאָס שווערע, זידענדיקע, שיפּנדיק שייט האָלץ?

לאָמיר זיך קוקן אין די אויגן אַריין, קאָלעגע ח. נ. ביאַליק, און — שווייגן!...

## III

אין דער שיקאַגער וואָכנשריפט „קולטור" בייזערט זיך אויף מיר וו. נאַטאַנסאָן, פאַרוואָס איך האָב דערמאָנט, אַז ביאַליקס גלאַט פּנים פאַרכאַפּט אַ שטיק פון זיין קאָפּ אויך, און נאָך אַ צוויי־דריי למאי־איזמען. ערשטנס, למאי האָב איך געשריבן, אַז ס'איז נישט שיין צו נעמען אַ לעבעדיקן, (לאָמיר האָפן — זינדיקן) מענטשן און אים פאַרבוימלען מיט בוימל, און באַזאַלבן מיט געזאַלב, און אָנקרוינען מיט דעם טיטל „דער גרעסטעסטער". קאָלעגע וו. נאַטאַנסאָן רעדט נאָך ווייטער וועגן

„ניצוץ פֿונם וועלט־גייסט", ער וויל אויספֿירן, אַז יעדער לייטישער בן־אדם איז, הייסט עס, אַ שטיקל גאָט, און אַלע אייביקייטן — טראַטאַטאַטאַ!

מיט דער האַנט אויפֿן האַרץ וויל איך פֿאַרזיכֿערן דעם קאָלעגע נאַטאַנסאָן, אַז איך וויל חלילה ביי ח. נ. ביאַליקן גאָר נישט אָפּדינגען. זאָל ער זיך געזונטינקערהייט זיין דער גרעסטעסטער (סע פֿאַרדריסט בלויז, וואָס חבר מ. כּץ האָט ביי מיר אַנטליגן אַזאַ גוט וואָרט ווי „גיגאַנטעלע", און נישט דערמאָנט, אַז איך בין דאָס דעריעניקער, וואָס — .), זאָל ח. נ. ביאַליק געזונטערהייט פֿאַרנוצן זיין פּאַלאַץ אין תּל־אביב, שעפּן פּעסלעך מיט כּבוד, איינשטיין אין האָטעל קאָמאָדאָר, און האָבן אַ טאָפּלטייסטער מיט קלאַפּ־שלעסער. זאָל אים גאָט געבן געזונט און לעבן און הצלחה, און כּבוד — לרוב, און אויף אַלע דעכֿער זאָלן שטיין יידן מיט שופֿרות און אויסטרומייטערן זיין גרעסטעסטע גרויסקייט. אַז איך וויל, אַרט דאָס מיך נישט, וואָס ביאַליק עסט מאַרצעפּאַנעס, און וואָס מ. ל. האַלפּערן — און אַז איך וויל פֿאַרדריסט מיך דווקא יאָ אַ ביסל, וואָס א. ראַבאָי... איכֿל איך דערציילן וועגן אים אַ שטיקל מעשה:

---

ס'איז געווען אַ הייס־רעגנדיקע זומער־נאַכֿט. דער וואַרעמער געפּל־רעגן האָט דערקוטשעט, די מיסט־פּעסלעך ביי די טירן האָבן צעטראָגן יענעם געוויסן דופט, וואָס ביאַליק באַגעגנט נישט אין תּל־אביב און באַזינגט נישט אין זיינע לידער.

מענטשן זענען געזעסן אויף די „סטופּס", אין זייערע טענעמענט־הויזן און זיך געפּעכֿערט, מיט דעם ביסל פֿאַרעלטערטן ווינט, זיך געקוויקט מיט אייז־וואַסער, מיט קאַלטע שטיקער וואַסער־מעלאָן.

איך בין פֿאַרבייגעגאַנגען די פֿערטע סטריט, און דערזען אונטער אַ רעגנשירם עפּעס אַ הויכֿן מענטש, מיט שפּיציקע קניעס. ביים ליכֿט פֿונם גאַסן־לאָמפּ האָב איך אים דערקענט — ראַבאָין. ער איז געשטאַנען און געוואַרט אויף עמעצן.

— וואָס טוסטו?

— גאָרנישט, איך וואַרט.

— אויף וועמען וואַרטסטו?

— איך וואַרט אויף... (ער האָט זיך צעשמייכלט מיט לוי־טער גוטסקייט) איך וואַרט אויף מיין קינד. איך האָב אים אַריינגעשיקט עסן אייז־קרעם. כ'האָב אויך געוואָלט אַריינגיין, אָבער — —

— דו האָסט מסתּם נישט ליב קיין אייז־קרעם... — האָב איך אים אַרויסגעפּירט פון אַן אומבאַקוועמען אָרט...

ער האָט זיך געמיינעט, גוטמוטיק געשמייכלט, מיר געדריקט די האַנט און געזאָגט ביטערלעך:

— יאָ, איך האָב נישט ליב קיין אייז־קרעם... בפרט אין אַזאַ היץ איז זייער גוט צו שטיין אין דרויסן ביים פּאָנאַר און וואַרטן...

---

נו, גוט, זאָל דער גרעסטעסטער ביאַליק געפייערט ווערן אין אַלע שטעט פונם לאַנד, אין אַלע לענדער פון דער וועלט, אָבער — ווייסט דען נישט חיים נחמן ביאַליק, אַז דאָס לעבן איז „ווי אַ וואַסער וואָס פאַרגייט"; ריגט דען דער טרויער פונם שווערן לעבן פון זיינע חברים נישט אַריין אין זיין „כּוס"? און איז דען דער נביא פּטור פון... העלפן אַ בלינדן אַריבערגיין דעם וועג, דערפאַר ווייל ער קאָן די גאַנצע בלינדקייט נישט אָפּשאַפן? — שטייט דען דער הייליקער צער־השכינה אַזוי הויך איבער דעם צער־הלעבעדיקע־מענטשן?

אדרבא. זאָל חיים נחמן ביאַליק אָנשרייבן וועגן דעם אַ ליד, עס „קאַפּירייטן", איבערדרוקן אין עטלעכע לשונות, נעמען „ראָיאַלטים" און — דערנאָך בחסד־גדול אַרויסזאָגן זיין מיינונג, אַז מאַני לייב איז אַ גאָט־געבענטשטער און אַז ל. שאַפּיראָ, איז גאָר־גאָר! און אפשר (ווער ווייסט?) וועט ער נאָך מיר אַליין אויך אָנטאָן דעם הייליקן כּבוד און קומען צו מיר אין קאַפּיי און געבן צו לייזן אַ „ניקעלע" פאַר אַ גלעזל טיי, און

אויף אַזאַ אופן אונטערשטיצן די... יידישע קונסט!

איך האָב ביאַליקן נישט „אַראָפּגעריסן”. אויך נישט אַרויפגעריסן. איך האָב בלויז ביי דער שמחת־תורה־געלעגנהייט דערמאָנט, אַז די תורה איז פאַרן מענטשן, און נישט דער מענטש פאַר דער תורה, אַז די קויל־פייער וואָס מיר טראָגן אַנטקעגן אונזער כהן־גדול אויף צו רויכערן ווייַרויך וואָלט בילכער צונויץ געקומען אויף... אויפצוקאָכן אַ ביסל פערל־גרויפּן פאַר אַן אָרעמען שכן, אַז דער כח וואָס ווערט פאַרשווענדט אויף צו... זעצן אין די פּויקן, וואָלט מער צונויץ געקומען אויף צו געבן פּעטש, ווו מען דאַרף.

די געצנדינערייַ צו יעדן גאָט און געצל! אונזער לעבן פאַרדאַרבט זי! מען קרוינט דעם מענטש און — מ׳פאַרשעמט דאָס מענטשלעכע. טויזנטער מענטשן מאַכן פון זיך נולן, כדי דער איינס — זאָל זיין טויזנט־טויזנט־טויזנט, און ווי אין דער וועלט פון... קאָמערץ: „דער וואָס האָט אַ סך, דעם גיט מען מער. דער וואָס האָט ווייניק, ביי דעם נעמט־צו דאָס ביסל אויך.”

אַ קליינינקייט מיין זינד!

איך האָב, מיט די אייגענע ליפּן כמעט געזאָגט, אַז ביאַליק האָט אַ שטיקל פליך. אויף משה רבינו האָט מען געמעגט זאָגן, אַז ער איז אַ... זאַיקעוואַטער. איוב האָט געמעגט ליידן פון קרעץ, אָבער חיים נחמן איז פּערפעקט ווי — אַ טעאַטער־סטאר, אָן מענטשלעכע באַדערפעניש — ווי די אַלע קעניגס פון עגיפּטן.

„ווי אַ ליליע איז ער ווייס,
ווי אַ לאַם איז ער אומשולדיק,
ווי דער „שם המפורש” איז ער הייליק,
ווי די זון איז ער לויטער ליכטיקייט!”

ס׳איז דאָך קאָמיש: ביי די אַנגלאָ־זאַקסן דערמאָנט מען אָפּט דאָס וואָרט „לייז”, אָדער „פאַרד”, אָדער... „לייסטענבראַך”, און קיינער ווערט דערפון נישט באַליידיקט. ביי יידן אָבער, אַז מ׳דערזעט אַמאָל אַזאַ וואָרט, הויבט מען אויף אַ גוואַלט עד לב־

השמים: ס'טייטש „פאַרך״? ס'טייטש „לייסטערבראך״?...

אַז איך האָב געשריבן מיין אַרטיקל איבער ביאַליקן, האָב איך געשריבן רעפּאָרטאַזש. געוואָלט אָפּמאָלן דעם לעבעדיקן ביאַליקן. אַזוי אַז איינער וואָס האָט נישט געהאַט די זכיה צו זען דעם נביא מיט „די אייגענע אויגן״, זאָל זיך קאָנען אַ באַגריף מאַכן, ווי אַזוי ער זעט אויס. — צי האָט ער הערנער? צי שטראַלן זיי ביי אים? (כדי צו דערמאָנען, אַז די „הערנער״ אויף משה־רבינוס קאָפּ נעמען זיך אויך פון אַ טעות. דער ערשטער קריסטלעכער מייסטער, וואָס האָט געמאָלן משהן האָט אויסגעטייטשט, אַז דאָס וואָרט „קרון״ אין „כי קרן אור פניו״ נעמט זיך פון קרניע — הערנער. דערפאַר איז ביי אים אויסגעקומען, אַז משה איז געווען מיט הערנער... און דערפאַר קומט היינט אויס ביי יידן, אַז נביאישקייט איז... הערן און באָרד!)

און זוכט נישט ביי מיר קיין קולטורקייט, קאָלעגע וו. נאַטאַנסאָן! איך פאַסקע נישט קיין שאלות! איך היט מיך נישט. איך אַרבעט נישט פאַר אַ „טרעפער״, ביים יידישן פאָלק, אַ וואָרזאָגער, אָדער אַ גאָלדשאַצער.

דער ווערט פון גאָלד, מיין ליבער וו. נאַטאַנזאָן, איז בלויז לויט דער ווערט פון גאָלד. אין זיך אַליין איז גאָלד נישט שענער פון מעש, אָדער פון אייזן. די, וואָס האָבן די שוואַכקייט פאַר גאָלד־גלאַנץ — די גייען נישט צום „שאַצער״ — שאַצן. פאַר די וואָס גייען יאָ מיטן רינגל צום „אָפּשאַצער״, איז דאָך באמת קיין חילוק נישט, צי ס'איז ע כ ט גאָלד, אָדער פאַלש גאָלד... ביי זיי איז דאָך דער עיקר: דער קורס, דער מאַרקווערט, די עובר־לסוחר פראָבע.

---

דעריבער פאַרגיט מיר (אָדער פאַרגיט מיר נישט, ווי איר ווילט), וואָס איך האָב מיך דערוועגט אָנצורירן דעם פּויבסטס היילינקן, געזאַלבטן פליך. כ'האָב קיין שלעכטס נישט אויסן געווען. קיין בייזע כוונה נישט געהאַט.

נאָר דאָס אַנדערע מאָל, אַז איר ווילט זיך קריגן מיט

מיר, קאָלעגע וו. נאַטאַנזאָן, טוט עס נישט אַזוי איידל, מיט קאָמפּלימענטלעך צו מיר, און אַלצדינג. איך האָב דאָס נישט ליב. איך האָב דאָס נישט ליב, אַז מ׳זאָגט מיר (ווי אברהם טייטל־בוים האָט מיר געזאָגט, ביי געוויסער געלעגנהייט — ווען איך האָב אים האַרט און ביטער אַרומגעזידלט):

— טייערינקער משה נאַדיר, ווען איר זאָלט נישט זיין אַזאַ ריזיקער זשעניע, און אַזאַ אויסגעצייכנטער מענטש און אַזאַ טיפער דענקער, און אַזאַ שיין־גייסט, וואָלט איך אייך געזאָגט וואָס איך דענק וועגן אייך.

פע, כ׳האָב נישט ליב, אַז מען אירצט מיך און מ׳גיט מיר אָפּ כבוד, בשעת מען ווינשט מיר, איך זאָל צעברעכן אַ פוס!

1926

# אברהם רייזען

עס האָט שוין געהאַלטן דערבײַ, איך זאָל אינגאַנצן נישט שרײַבן וועגן רייזנס 50־יעריקן יובילײ. אָבער אין דער לעצטער מינוט האָט דאָס האַרץ נישט דערלאָזט.

איך האָב וועגן רייזענען שוין אוודאי אַ צען מאָל געזונגען מײַן לידל — אָבער האָט ער זיך חלילה דערמאָנט צו שרײַבן אַ וואָרט וועגן מיר בײַ אַזאַ געלעגנהייט, זאָגן מיר, ווי ס׳צוואַנציקסטע יאָר פון מײַן סקריבּיאַנטישער אַרבעט? וואָס רעדט איר! ער האָט נישט געהאַט קיין צייט. ער האָט פאַרגעסן. עס איז אים גאָר פון זינען אַרויס — באמת — ער קאָן אַ ל׳יין נישט פאַרשטיין ווי אַזוי.

א י ך פאַרשטיי י אָ ווי אַזוי? ער האָט זיך עקסטער אַוועקגעזעצט אויף דעם ווייכן שטול פון זעלבסטסאַמעט און... פאַרגעסן!

---

מיר איז גאָרנישט אַזוי פריקרע צו דערציילן דעם אינצידענט, ווי ער וואָלט געווען פאַר אַן אַנדערן, וואָס האָט „אַ גוטע דערציִונג״. כ׳האָב — ווי איר ווייסט — גאָר קיין מאַניערן נישט... איך ערגער זיך נישט וועגן דעם, וואָס מײַן שכן, אַ שטייגער, זאָגט ליגן, אָן אַ היטל, אָדער וואָס מײַן שוועסטערקינד גלוסט צו מײַן שכנס ווײַב פאַרן דאַוונען! איך ערגער מיך אפשר — אַ קליין ביסל וועגן... דער פאַלש־גלוסט אַליין, וועגן ליגן זאָגן אַליין — אָבער, ווי שוין געשריבן: קיין ליפּמאַניערן האָב איך נישט. דערפאַר איז מיר אַזוי שווער (אונ

אַזוי גרינג) צו פֿאַרקנעפּלען מײַן געזעלשאַפֿטלעך קנעפּל, אָן װעלכן ס'איז לעכל. דערפֿאַר אַז איך פֿאַרקניפּ שוין אַמאָל איז עס אָפּט... אַ „פֿאַלשע פֿאַרבינדונג", אַ פֿאַרבינד מיט אַ קנאָפּלעכל, העכער, װי מ'דאַרף, אָדער נידריקער. דאָס האַרץ (פֿון קאַמיזויל?) װערט דערפֿון אויפֿגעבלאָזן, אומרויק, צעקנייטשט.

---

װאָרים: אַ קינסטלער האָט נישט קיין פֿליכטן, איז נישט מחויב צו זײַן... מחויב, אָבער צו אַלדי רוחות! װאָס איז דען פֿאַראַן אַזוינס אַנדערש, װאָס פֿאַרבינדט מענטש־מיט־מענטש, װי דאָס ביסל װאָרהאַפֿטיקייט פֿון אַ מענטש צו אַ מענטשן? האָט דען דאָס לעבן צופֿיל קושנדיקע סענסאַציעס, אַז מיר זאָלן, װי די בינעזער, זיך קושן מיט די — נעז? אָדער מיט... די פֿינגער בײַ די נעז? האָט דען די װעלט עפּעס שענערס, װי די שיינקייט פֿון... חברשאַפֿט? מיט װאָס פֿאַר אַ צייכן זאָלן מענטשן לעבן צװישן זיך, װען נישט דאָס קול פֿון קול, די שטים פֿון אויג; דער קלאָרער סימן, אַז איך בין אַ ביסל ד ו — אַז מיר ביידע קאָנען זיך מיט די האַרצפּולסן אויסבייטן, װי מיט קלײנע מתּנות?

עס איז נישט דער מאַניער, נישט דער זשעסט, נאָר — עפּעס אַ צייכן מוז דאָך זײַן בײַ שיף־פֿאָרער, עפּעס אַ פֿאָן, װאָס זאָל אָנזאָגן אויב נישט דעם ציל פֿון דעם שיף, איז כאָטש װוהין דער װינט בלאָזט! איך בין אומפֿאַרשעמט און איך זאָג: איך האָב געבענקט נאָך דעם דאַנק פֿאַר מײַן שיינגעשענקטער מתּנה. איך האָב געװאַרט אויף רײַזענס געזאַנג װעגן מיר, נישט װינציקער, אפֿשר, װי רײַזען האָט געװאַרט אויף מײַן פֿײַערלעכער אַקלאַמאַציע װעגן זײַן טאַלאַנט און הומאַנישקייט...

רײַזען, דער „גרויסער ליבהאָבער", דאַרף דאָך פֿאַרשטיין, אַז נישט דער צער פֿון קראַנק־זײַן, נישט דער צער פֿון פֿאַרלירן, נישט דער צער פֿון שלעכטקייט, נאָר דער צער פֿון לעבן אַליין, איז דער גרעסטער צער.

---

איך האָב געשריבן וועגן רייזענען (אין אַ נאָך־נישט־געדרוקטן טייל פון מיין „אונטער דער זון״), אַז אין דער נאַכט פון דעם „25־יאָריקן יובילײ פון זיין שאַפּן״, איז ער נאָך דער גרויסער שמחה, געבליבן אַליין מיט מיר און מיט אַ ריזיקן בלומען־קראַנץ, וואָס די קינדער פון אַ יידישער שולע האָבן אים געבראַכט. ס'איז שפּעט ביינאַכט. עס פּרימאָרגנט שוין צוביסלעך, סע רעגנט, און מיר גייען אַרום אויף בראָדוויי מיטן קראַנץ... איך שלעפּ רייזענס קראַנץ אויף מיין אַקסל. זע אויס קאָמיש און פאַרשלאָפן. וויל פּטור ווערן פון דעם קראַנץ און... קאָן נישט. סוף־כּל־סוף, גייען מיר פאַרביי „קאָלומבוס צירקל״, אויף דער 59־טער גאַס, נעבן פּאַרק, וווּ עס שטייט די סטאַטוע פון קריסטאָפער קאָלומבוס.

„ווייסטו וואָס? — זאָגט רייזען, — אַהיימטראָגן דעם קראַנץ קאָן איך נישט, ווייל איר בין שולדיק מיין גויעשער ווירטין דירה־געלט, וועט זי מיך אָנקוקן ווי משוגע... עפּעס אַן אָרעמער „באָרדער״ מיט אַ קראַנץ! דעריבער לאָמיר אָנטאָן דעם קראַנץ קאָלומבוסן, ס'איז ז יי ן אַמעריקע!...״

רייזען גייט אַרויף אויף די טרעפּ פון דעם הויכן מאָנומענט, ציט אַריבער דעם קראַנץ איבער קאָלומבוסעס קאָפּ — אין דער מילכיקער שיטערקייט פון דעם רעגנדיקן פרימאָרגן.

מיר גייען אַהיים — פאַרקילטע, פאַרשלאָפענע. אין דער אונטערבאַן פאָרן מענטשן שוין צו דער אַרבעט. קיינער קען אונז נישט. וועמען ליגן מיר אין זינען? וועמען גייט עס אָן, וואָס מיר האָבן אָט ערשט געקוילעט אַ יובילייאום?

---

דאָס אַלצדינג, איז, פאַרשטייט זיך, פיקציע. ערשטנס, איז דער „25־יעריקער יובילײ פון רייזענס שאַפן״ געווען זייער געלונגען. צווייטנס, איז רייזען דערנאָכדעם נישט געבליבן איינער אַליין. פאַרקערט: מ'איז אַלע אינאיינעם אַוועק אין אַ קאַפע, און מ'האָט געהוליעט ביז אין טאָג אַריין. דריטנס, האָט נישט גערעגנט. פערטנס, איז ער נישט געגאַנגען צופוס. פיפטנס,

ווי קומט ער צו דער 59־טער גאַס? אַז ער האָט גאָר באַדאַרפֿט גיין „דאַונטאַון“? אָבער אַ משל איז דאָס אַ גוטער: וואָרום וואָס קאָן אַ מענטש טון מיט זיינע בלומענבעזעמלעך? מיט די רום־סימבאָלן? (זאָל איך באַנאַל ווערן און זאָגן, אַז... רויזן וויאַנען, ווי טעג.)

רום? אַ שפּאַן די גרויס. דאָ אין קאַפּע (אָדער אין יובי־ליי־זאַל) ביסטו באַרימט. אין גאַס זידלט דיך אַ פּיאַקערניק, פֿאַרוואָס דו גייסט אים נישט אויסן וועג, און אַ מענטש, וואָס לויפֿט פֿון דער אָפּערע, גיט דיר אַ שטאָך מיט זיין שפּיץ שטעקן אין אויג אַריין!

רייזען, רייזען! דו ביסט דאָך דער זינגער פֿון אַלע צוויי־סאָרטן מענטשלעכקייט, וואָס די וועלט פֿאַרמאָגט. קאָנסטו דען נישט הערן דאָס געוויין פֿון אַ גראָב־וואָרט, וואָס האָט נישט ווער עס זאָל עס זאָגן?

---

פֿונדעסטוועגן האָב איך דיך ליב, מיין אברהם רייזען!

טעג ליגן צווישן אונז, ווי אָפּגעשוירענע פֿליגלען פֿון פֿייגל — שיינע, ליכטיקע טעג, וואָס מיט אונז אינאיינעם זענען זיי געווען אָדלערס. אָן אונז זענען זיי גאָרנישט. פֿאַרשאָלטן זאָלן זיי ווערן דערפֿאַר, וואָס זיי האָבן אונז „באַטראָגן“ און זענען אַוועק לעבן מיט אונזער גרעסטן שונא — די פֿאַרגאַנגנ־הייט!

אינאיינעם כמעט, מיט דעמזעלבן כליפּ־כלעפּ פֿון „די שטיוול וואָס איז צעריסן“ דורכגעגאַנגען דאָס ביסל בלאָטע אונ־זערס, געבערענגט „האָניק־פֿערדלעך“ פֿאַר די קינדער, וואַזאָנקעס און שפּיגעלעך פֿאַר כלה־מיידלעך, מעסערלעך פֿאַר יינגלעך און טאַבעקע מיט בראָנפֿן פֿאַר עלטערע יידן — מיר האָבן גע־בראַכט, וואָס מיר האָבן געקאָנט, מיין ליבער אברהם רייזען, איך דאָס ביסל פֿיינביטערע קאַווע נאָכן עסן, דו — דאָס גאַנצע מאָלצייט. צו דיר גייט די ערשטע ברכה. צו מיר — אפֿשר דער לעצטער אמן פֿון בענטשן.

איך האָב ביי מיר דאָס וואָגל נישט, אָפּצוּוועגן דווקא איצט דיין גרויסקייט, דיין באַטייט, מיין מענטשלעכער רייזען! זיי, זיי זאָגן, „דו ביסט אַ פּרינץ צישן מענטשן". איך קאָן זאָגן: „דו ביסט אַ מענטש צישן פּרינצן". אָדער: „דו ביסט אַ מענטש צישן — מענטשן", אָדער עפּעס ענלעכס. זיי זאָגן דו ביסט גרויס־שטעטיש, קליינשטעטלדיק! זיי זאָגן, דער וווּנדערלעכער בעל־רחמים, דער פיינער, ערלעכער, גרויסער בעל־תּפילה, וואָס דיין גרעסטע געזאַנג איז דיין — טרער אין אויג, זיי זאָגן אַ סך זאַכן וועגן דיר. טינט איז דאָ, שרייב־פעדערן קריכן גערן איבער ווייס פּאַפּיר, אַז מ'שטופּט זיי. אָבער איך זע די אויסגעמאָסטנקייט: אַ שפּאַנעלע לויב, אַן אַרשין — טאַנץ, אַ פינגערהוט התלהבות.

איך זאָג דיר, אברהם רייזען, צו דער געלעגנהייט פון דיין געבענטשטן 50־טן יאָר: באַפריי דיך פון די, וואָס טראָגן דיך אונטער די הענט־איבער־הענט, ווי אַ זיצבענקעלע, און טראָגן דיר צו דיינע קליינע טריומפן. ווי דער שטאַרקער, מוטיקער און ריינער מענטש, וואָס דו ביסט — לאָז אַראָפּ די פיס אויף דר'ערד. — זי איז גוט און האַרט און מאַמעדיק אָט־די ערד אונזערע — און לאָז דיין פרייער טריט אַריינזינגען אין דער ערד דאָס ליד פון דיין ערלעך בלוט, פון דיין ליכטיקער ליבשאַפט צו מענטשן.

באַפריי דיך, מיין ליבער אברהם רייזען! קויף דיך אויס פון דעם אינזל, וואָס דו האָסט דיר אַליין אויפגעבויט — פון קונסט־שמות און קונסט־שפינוועבס. דאָס לעבן איז מער — אַ סך מער — ווי דאָס. נישט פאַר דיר אָדער פאַר מיר אַ „טעמע", נאָר מיר אַליין, מיר אַלע, — אַ שטיקל טעמע פאַר דעם שטורמען ליד, פאַר די טויבע: מיר אַלע די לויפנדיקע „שאָטן־סקיצע" אויף די רינענדיקע וואַסערן פון דער וועלט.

עס איז טרויעריק מיט דעם טרויער פון אמת, וואָס קיין שום שיף איז נישט אַזוי הויך ווי איר פאָן, ליבער אברהם רייזען! צו דיין גרויסער שמחה היינט (שבת ביינאַכט אין מעקא טעמפּל) וועלן קומען אַ־סך־אַ־סך מענטשן זיך פרייען מיט

דעם, וואָס דו פרייסט זיך אַזוי מיט אַזוי. אַ גרויסע ליבשאַפט וועט דיר אַקעגנשטראַלן פון די אַלע יידישע אויגן, וואָס דו האָסט צו סליחות געוועקט, און צישן זיי וועט זיין דיין נישט אונטערטעניקער, אָבער זייער־זייער געטרייער חבר, וואָס טראָגט דיר ס׳האַרץ אַקעגן, און וואָס רופן רופט מען אים (צו שאַנד און צו לויב), משה נאַדיר.

1926

# מאָריס שוואַרץ

הײַנט איז מאָריס שוואַרצס ערן־אָוונט. איך האָף, אַז דער הימל וועט זיך אויפפירן ווי אַן אָנשטענדיקער קאָנקורענט און אַרויסשיקן די שטערן אים אָפּגעבן גלאַנץ.

מיר („פון אונזער זייט"), וועלן טון וואָס מיר־קעמיר, כּדי עס זאָל נישט פעלן ס׳נויטיקע ביסל אינגבער אין דעם גרויסן כּבֿוד־לעקאַך, וואָס דאָס פאָלק דאַרף אונטערטראָגן דעם גרויסן (אפשר גרעסטן) שוישפילער פון אונזער בינע.

---

אָ, אויסרופּצייכן, ווי ביטער דאָס איז דעם מענטשן, וואָס דאַרף אָנקומען צו... כּבֿוד.

אין מײַנע יונגע יאָרן פלעג איך מיינען, אַז סע קאָן נישט זײַן קיין ערגער לעבן ווי צו לעבן פון שאַנדע. אָבער זינט איך בין געוועזן אַ מיידל (איכ׳ל אייך אַן אַנדערס מאָל דערציילן ווי אַזוי איך בין געקומען דערצו, צו ווערן אַ מיידל) איז ביי מיר קלאָר, אַז צו לעבן פון שאַנ־דע איז נאָך נישט אַזאַ בושה (און אַזאַ ווייטיק) ווי צו לעבן פון... כּבֿוד.

דאָס פאָלק י. גיט כּבֿוד דעם, וואָס פ אַ ר ד י נ ט גוט! פרוווט און פאַרדינט ווייניקער ווי צוויי הונדערט און פופציק דאָלאַר אַ וואָך, און דאָס פאָלק י. וועט זיך אויסדרייען צו אייך מיט דער פלייצע.

כּבֿוד ווערט ביי אונז געגעבן בלויז צו יענעם, וואָס האָט שוין געגנוג. וואַסער שלעפט מען ביי אונז פונם ברונען צום.. ים. פייערן ברענען ביי אונז בלויז אין די שוויץ־בעדער, נישט

אויף די פּאַקליעס אין דער שניי־וויסטעניש — וואָס דאָס איז גאַנץ פיינע מליצה.

אַמאָל־אַמאָל. איך בין געווען אַזוי הונגעריק נאָך אַ ברעקל כּבוד. ביי פרעמדע טישן פלעג איך שטיין און שלינגען ס'שפּייעכץ, און דאָס האַרץ איז מיר איבערגעגאַנגען פון קנאה, ווען איך האָב געזען, אַז אפילו די מאַרינירטע פיש זענען באַדעקט מיט לאָרבער־קרענץ, בישייס (בשעת) אַנדערע — —

איצט, אַז מיר ביידע (איך און מאָריס שוואַרץ) זענען שוין אַ ביסל אָנגעזען ביי דער וועלט און פאַרדינען אַן אוצר מיט געלט, און מיר האָבן פולע גאָרטנס מיט בלומען און די וויגן זענען ביי אונז פול מיט רענדלעך און די פלאַשן זענען פול מיט מעד, — איצט, דווקא איצט, רעדט מען נישט אויף אונז צו באַלעסטיקן מיט בלומען, און מיט מאַנדלען. (ווו מיר גייען און ווו מיר שטייען וואַרפט מען אויף אונז בלומען און מאַנדלען.)

איך וואָלט נאָר געוואָלט וויסן, וואָלט איך נאָר: ווו זענט איר געווען פריער מיט אייערע קראַנצן, צום גוטן יאָר? ווו זענט איר אַלע געווען, ווען מ'האָט געשפּילט מיין „סוקסעס" און מיין „לעצטן ייד" און די אַנדערע געלונגענע פּיעסן מיינע, וואָס האָבן שיער רויִנירט שוואַרצס טעאַטער? ווו זענט איר געווען דעמאָלט, ווען מ'האָט מאָריס שוואַרצן אָנגעטון דעם איי־זערנע קייטל־פּאַנצער פאַר דער ראָלע פונם גענעראַל אין מיין לעצטן יאַהודע, און דער פּאַנצער איז געווען אַזוי שווער, אַז שוואַרץ האָט נישט געקאָנט אַראָפּגיין די טרעפּ פון זיין גאַר־דעראָב, און פיר מענטשן האָבן אים געמוזט שלעפּן? ווו זענט איר געווען (פרעג איך), ווען ער האָט מיר געווונטשן... נאָר בענוג! איך ווינטש אים עפּעס בעסערס

## עפּיזאָדן מאָריס שוואַרץ

ס'איז ווינטער. אַ שניי האָט זיך צוגעפרוירן צו דר'ערד און לאָזט זי נישט אָפּ. דער פראָסט האָט אָפּגעשליפן, צעגלאַנצט די גרינגלעכע ווייסקייט. מיר פאָרן איבער פראָספּעקט־פּאַרק, ס'איז

שפּעט, צען מינוט נאָך אַכט. האַלב נאָך אַכט מוז ער שוין זיין אויף דער סצענע. ער פֿאָרט ווי אַ שד און — די מאַשין גליטשט זיך. מיט איין האַנט האַלט ער ס'רעדל, מיט דער אַנדערער האַלט ער אַ העפט און „זופט" עפּעס אַ נייע ראָלע אויף העברעיש (אוריאל אַקאָסטא, דאַכט זיך). ער פֿאָרט שיער אַריין אין אַ סלופּ און פֿאָרט ווייטער. ער פֿאָרט שיער אַריין אין אַ מאַשין און — פֿאָרט ווייטער. ער פֿאָרט שיער איבער אַ פוסגייער און — פֿאָרט ווייטער.

עס געדויערט נישט קיין צען מינוט, פֿאָרן אונז נאָך אפשר צוואַנציק אויטאָמאָבילן, פֿון אַלע אויטאָמאָבילן שטעקן זיך אַרויס קעפּ, און אַלע קעפּ זידלען מיט די ערגסטע ווערטער, פֿאַרוואָס ער קוקט נישט וווהין ער פֿאָרט.

„מאַקע, זאָג איך אים, וואָס קוקסטו נישט, וווהין דו פֿאָרסט?"

שוואַרץ האָט אויף מיר אַ לאַמטערן־געטון מיט די אויגן פֿון לויטער ווייסלעך, אַריינגעשטעקט די צונג אין דער באַק אַזוי אַז די באַק האָט באַקומען אַ הערביקל, און געזאָגט:

„ווען איך זאָל דאַרפֿן קוקן ווי איך פֿאָר, וואָלט איך אינגאַנצן נישט געפֿאָרן".

---

עס איז אין אוירוווינג־פּלייס. די געשעפֿטן גייען עפּעס נישט ווי סע דאַרף צו זיין, עס האַנדלט זיך וועגן דעם, אַז מען מוז שטעלן קעלבערנע אָפּערעטן אָדער צומאַכן ס'טעאַטער. שוואַרץ איז אינם קאַסע־שטיבל — ער ליגט אויף דער סאָפֿקע, וואָס איז באַוואָרפֿן מיט צייטונגען און מיט — פּיעסן. ער עסט זיין מאַמעס אַ שטיק פֿלאָדן און רעדט פֿון דעם טרויעריקן שטאַנד פֿון אונזער קונסט. „ווייסיך!" מאַכט ער און הויבט אָן רעדן אַהין־און־צוריק. מיט יידן איז נאָר גוט צו עסן קוגל — גיבן זיי קיין קוגל אויך נישט! בן־עמין איז גוט. ער איז אַוועק צו די גוים און שוין! וואָדען? יידן זענען עפּעס אַ פֿאָלק? פֿאַרוואָס נישט? די יידן זענען אַ טייער פֿאָלק ווי גאָלד. זיי

האָבן נישט — גיבן זיי נישט. פֿאַרוואָס גיבן זיי נישט? — זיי גיבן גענוג. זיי גיבן אי־בער די כּוחות. כּסדר נאָר „גיב־גיב", ווו זאָלן זיי נעמען? וויפֿל איז אינגאַנצן דאָ יידן אין ניו יאָרק? ס'איז דאָ אַ ביסל יידן — אַ ביס׳? ס'איז דאָ מער ווי אַ ביסל. זענען זיי אויך פֿאַסקודנע יידן. זיי האָבן נישט ליב קיין טעאַטער. פֿאַרוואָס האָבן זיי נישט ליב קיין טעאַטער? ג י ב זיי נאָר אַ גוטע פּיעסע, וועסטו שוין זען, ווי זיי וועלן קומען... און אַז מ'גיט זיי גוטע פּיעסן — קומען זיי דען?"

זיין שותּף מאַקס ווילנער איז אַריינגעקומען און אַרויסגעקניידלט פֿון מויל עפּעס אַ פּאָר ווערטער וועגן דעם, אַז ס'טעאַטער וועט זיך מוזן צושליסן.

שוואַרץ האָט אַריינגעשטעקט די צונג אין באַק, געשאָקלט מיטן קאָפּ, ווי אַ מאַרטירער, דערנאָך האָט ער זיך אויפֿגעהויבן פֿון דער סאָפֿקע, גענומען עטלעכע בויגנס פּאַפּיר, און זיך געזעצט אָנשרייבן אַ דעקלאַראַציע צו דער פּרעסע, פֿאַרוואָס ער מאַכט צו ס'טעאַטער.

ער האָט אָפּגעהאָרעוועט אפֿשר צוויי שעה, פֿאַרשריבן גאַנצע צען בויגנס פּאַפּיר, אָנגעגעבן געגנוי די פּונקטן, פֿאַרוואָס דאָס אוירווינג־טעאַטער קאָן ווייטער נישט אָנגיין מיט דער אַרבעט. צוגעשריבן, אויסגעמעקט, איבערגעשריבן.

אַז ער איז שוין געווען פֿאַרטיק, האָט ער עס פּאַוואָלי איבערגעלייענט, צוגעשטעלט דאָ־און־דאָרט אַ פּינטעלע, אויסגעמעקט אַ שטריכעלע. דער גאַנצער מאַנוסקריפּט איז שוין געווען אין אָרדנונג. ער האָט ווידער אַריינגעלייגט די צונג אין דער באַק, מיך אָנגעקוקט מיט די שטומע, רחמנותדיק־כּיטרע אויגן־ווייסלען, שטיל צעריסן דאָס אָנגעשריבענע, עס אַוועקגעוואָרפֿן און געזאָגט:

— כ'דענק, איכ׳ל עס מאַכן קורץ.

— אַ שטייגער?

— אַ שטייגער?

— „כ'על נעמען אַ גאַנצע „פּיידזש" אין צייטונגען און אָנשרייבן! „כּ אָ נ י ש מ ע ר ק יי ן כּ ו ח, מאָריס שוואַרץ."

מ'האָט אים קוים אָפּגערעדט, ער זאָל עס נישט טון.

---

מ'שפּילט „שבתי צבי". שוואַרץ איז פאַרליבט אין דער ראָלע פון דעם פּרינצלעכן מאַרטירער!

ווי שטענדיק, איז ביי אים די ראָלע אַנזאַמל פון אַלע פריערדיקע ראָלן, מיט אַ נייער, פּראַקטיקער מאַסקע, איבער אַלע אַלטע מאַסקעס.

שוואַרץ איז אַ טויזנט־פּנימדיקער. אָבער אַלע פּנימער לעבן אונטער איין דאַך, — לעבן בשלום איינס מיט ס'אַנדערע — רעדן זיך נישט אַנטקעגן.

שוואַרצס וועג איז דער גלייכער, קורצסטער וועג — נישט דורך די טרעפּ, נאָר דורכן פענצטער. זיין מאַניער: צוקלעפּן אַ לעבעדיק בינטל האָר צו אַן אויסטערליש געמאָלענעם פּאָר־טרעט. אַ פאָדעם רעאַליטעט צונויפצוהאַלטן די אויסגעחלומטע פּערל.

און ווי ווונדערלעך ער קען די מאַסקן־מאָלעריי! און ווי ווייניק אָרט זיי פאַרנעמען ביי אים: איין מאַסקע איבער דער אַנדערער. נאָר ביים ברעג זעט זיך אַרויס די פיל־פאַרב פון צעשאָטענע, צעטאַשטע מינעס, גרייט צו דינען די פייערלעכע אויבערפלאַך, די אויבער־מאַסקע.

---

שוואַרץ איז פאַרנומען מיט פירן די מאַסן־סצענעס.

ביים „דיבוק" איז זיין טיש־וואָרט: „הייליק, הייליק!" ביי „שבתי צבי" איז זיין טיש־וואָרט: „ערנסטער, ערנסטער!"

ער שפּילט און רעזשיסירט און ענטפערט פראַגעס. און לייענט אַ פּיעסע, און עסט אַן עפּל. איר האָט דעם איינדרוק: דער מענטש איז געמאַכט פון אַזאַ דינעם, גרינגן מאַטעריאַל, וואָס נישט עס בויגט זיך, נישט עס ברעכט זיך, נישט עס זשאַווערט אין וואַסער — אַ מענטש נישט פון פלייש און בלוט, נאָר פון ראַדיום און באָקסער...

ער איז הינטער דער סצענע. דאַרף באַלד אַריינלויפֿן צוריק. ער גיט דערווייל אַ ביס אין אַ „סענדוויטש", שמייכלט „מאַרטירעריש", אַריבער צו עטלעכע געהויבענע מענטשן, וואָס שטייען און וואַרטן אויף אים.

אַ דאַמע אין שוואַרצן קומט צו. זי טראָגט אַ מאַנוסקריפּט. ס'איז אַ פּיעסע. איר פֿאָטער (אַ באַקאַנטער יידישער שריפֿט־שטעלער) האָט אינאיינעם מיט דעם שטיק פֿאַרענדיקט זיין לעבן.

שוואַרץ האַלט זיך זייער פריינטלעך צו דער דאַמע. זאָגט איר, אַז „מ'עט זען עפּעס מאַכן דאַפֿון". קוקט מיט אַן אויער צו דער בינע — צי עס האַלט שוין נאָענט צו זיין „רעפּליק".

די דאַמע לאָזט אַרויס אַ טרער. שוואַרץ איז גערירט. אָבער דאָס אויער קוקט אַהין, ווו די ליכט ברענען... ווו ס'איז דער „הייליקער שבת" פֿון דער קונסט...

די דאַמע געזעגנט זיך מיט שוואַרצן, גלעט צאַרטלעך איר פֿאָטערס מאַנוסקריפּט און זאָגט פֿאַרטרויערט:

— אַזוי יונג אָפּגעשטאָרבן מיין טאַטע.

„טאַקע?" מאַכט שוואַרץ און דער קאָפּ איז אים שוין אויף דער בינע — „טאַקע, דער טאַטע איז אייך יונג געשטאָרבן? וועלל... איך האָף, אַז ס'עט שוין מער נישט פּאַסירן. גודבאַי!

און ער לויפֿט אַרויף אויף דער בינע.

---

ווי סאָקראַט זאָגט: אַלע זאַכן אויף דער וועלט דאַרפֿן אויסגעביטן ווערן פֿאַר דער איינציקער אמתער מטבע, וואָס דאָס מענטשלעכע לעבן פֿאַרמאָגט: חכמה...

# מאַלי פּיקאָן

ווי דאָס געפּיל פון אַ רונדונג, פון אַ טאַפּן דאָס רונד־פּערמיקע ליכט, די אָן־שפּיציקע וואַרעמקייט.

וואָס איז מער ווי אַ וואָרט, וואָס איז ווינציקער? דאָס וואָרט — די לופט, וואָס באַלעבט אונזער קערפּער, גיט אונז פייער און לעבן! הערן מיר אין דער שטילקייט פון אונזער קערפּער די טויזנט־קלאַנגען, וואָס האָבן קיין צינגלעך נישט. מיר הערן זיי, און אונזערע אויגן שטאַרבן אויף דעם ליכטיקן מיטנמיטוואָך, אונזער האַרץ רעדט זיך צונויף מיט אונזער געזאַנג אויף שטום־לשון, אָבער דער סימבאָל פון דעם־אָ לשון איז — קינדעריש קאַפּריז, צעוואָרפענער שפּיל, הייליקער אומזין.

און דאָס אַלצדינג, מיט אַזוינע גרויסלעכע, צענפונטיקע ווערטער — איבער דער קליינער מאַלי פּיקאָן.

---

איך האָב געזען די קליינע מאַלי פּיקאָן אין איר שיינער, לויט־גריגן שעטנז־נאַנסענס, וואָס הייסט „קאַטינקאַ", און איך האָב מיין האַרץ אָנגעוואַרעמט אין דער זוניקייט פון איר שפּילן, אין דער פרייליכקייט פון אירע אויגן, וואָס זענען אַליין טרערן, אין איר איבערגעקערטער טעאַטראַלישקייט, וואָס איז די לינקע זייט פון דער מאַסקע, די הינטערמאַסקע, די אַנטפּאַלשונג.

מאַלי פּיקאָן לאַכט נישט נאָר פון אַלע בלאָע שפּינוועבן, וואָס „וועבן דאָס לעבן", נאָר לאַכט פון דאָס הייליקסטע, וואָס אַ קאָמעדיע פאַרמאָגט: פונם לאַכן.

די מעשה קאַטינקאַ: איר ווייסט די קאַטינקא פון דעם

רוסישן פאָלקסלאָר, די „טאַטואירטע זעלע", מיט פויגלען אויף דער נאָז, פליגלבערן אויף די לענדן — אַ דאָרפקינד, מיט ערד אויף די ליפּן, מיט פּעלר אין — בויך, מיט קאָרנבלימלעך אין די האָר.

קאַטינקא־פּעטרושקא — ווי אַזוי איז דאָס אין יידיש? אפשר דאָס שרעטעלע, דער מזג־טוב, דאָס נחת־ברענגערל. קאַטינקא — סודעיקינס קאַטינקא, מיט דעם טומלדיקן יאריד פון פאַרבן. אָנגעפּאַלבעוועט מיט קלייד־אויף־קלייד, מאַניקעניש־ריט־מיצירט, גולמדיק אויסגעטראַכט — אַ פייער אויף צוויי פיס, אַ געזאַנג אויף לויטער אָדערן, אַ עלפאַנטביין־האַרץ מיט ווינט־סטרונעלעך — אַ חלום־געשטאַלט, פּרימיטיוויזירט לויט דעם שאַב־לאָן פונם מיידל אויף די קעסטע.עך רוסישע שוועבעלעך.

קאַטינקא — אַ וואַלדוווקס, איבערגעפלאַנצט פון אַ רוסישער וואַזאָנקע אויף יידיש פּאַק־פּאַפּיר. דאָרט האָט עס נישט טיף געבליט, דאָ אָבער... בליט עס בלויז ווי פּאַפּירענע לבנות אויף אַ שטרויענער וועלט, מיט האָר פון פלאַקס, מיט אויגן פון פאָר־צעליי, מיט — שיינקייטשפּיצלעך אויף אַן אונטערקליידל פון דאַמאַסק־שאָטנס.

קאַטינקאַ! — עס איז נישט קיין גרויס מי דיך צו פאַר־געסן, פונקט ווי עס איז מיר קיין מי נישט צו געדענקען דיך, מיין קליינע גרויסע מאלי פּיקאָן!

---

אמתע געדאַנקען אַרבעטן נישט — זיי אַמוזירן זיך! דאָרט זוו דער דענקער אַרבעט מיטן געדאַנק, סקריפּעט מיט די גע־הירן, דאָרט איז... נו, דער גוטער יאָר ווייסט וואָס דאָרט איז!

די זון — מאַכט קיין טומל נישט, ווען זי גייט אויף. די לבנה מאַכט קיין רויש נישט, ווען זי גייט אונטער. — איז דען די זון נישט דער וועלטס וויכטיקסטער געדאַנק?

מאלי שטרענגט זיך נישט אָן, בופאַנירט נישט מיט סקריפּ, קיצלט נישט דעם נאפּל מיט אַ גאָפּל. עס איז נישט די קאָמע־דיע פון קאָמעדיאַנער... פון קאָמעדיע־מאַכער. פּיקאָנס הומאָר איז

זוי די ריינע־בלאָנדע נאַקעטקייט פון אַ קינד, די ליכטיקע רונדונג, וואָס גלעט די פינגער־שפּיצן, וואָס זינגט שיינקייט אַריין אין די אָדערן, ווי ווויל איר ווייסט נישט וואָס דאָס איז!

מאלי פּיקאָן איז נישט קיין סובּרעטין, נאָר אַ סופּעררעטין, אַן איבער, אַ פּלוס, אַ מערצאָליקער גאָלדענער טאַנצענדליקער בול, אינם רייך פון נישטיקע גרויע איינסן.

נישט אינהאַלט, נישט זין, איז אין מאליס שפּילונג, נאָר אויפזינונג, אַ בליץ וואָס שעדיקט נישט, פאַרדארבט נישט! נישט קיין צוועקמעסיקער רעגן, וואָס איז צומערשט בלאָטע, דערנאָך אויפגרינונג, נאָר אַ רעגן, וואָס פאַלט צו דר'ערד נישט, אַ שפּיל־רעגן, אַ טוי אויף אַ שאָטן פון אַ בלויער פלוים, זוניקע אומנוצלעכקייט, אין וועלכער איר קאָנט אייערע טראַכטונגען אַריינבלאָזן, ווי שוים־בלאָזן אין אַ — ווינט.

מאלי פּיקאָן —

איר קענט זי פון „יאַנקעלע”, פון „ציפּקע”, פון „מאַלי קאַלי”, פון „שמענדריק” (צו וואָס די אַלע נעמען? דאָס קלאַסיפיצירן?) מאלי איז אַ פּיעסע, וואָס טראַכט זיך אַליין אויס. עמעצער אַנדערש שרייבט אונטער דעם נאָמען.

אירע פיגורן? — וואַקסמענטשלעך. אירע פּסוקים—איידעלע אָדערן אויף אַ קערפּער, וואָס איר ווייסט נישט צו וועמען ער קער. טויזנט קעסטלעך, און אין יעדן קעסטל, ווי אין אַ סטעלניק־קוב, די זיסקייט פון איר אומעטיקן חן, די ביטערקייט פון איר זעלבסט־חוזק, איבער אַ וועלט מיט פאָנען און ווייסע פּאַרוקן. אַ גרויסער יום־טוב קומט אייך אַקעגן פון מאלי פּיקאָנס אויגן. ס'איז דער יום־טוב פון הייליקן אומזין, דער יום־טוב פון אַלע ליאַלקעס, וואָס קומען צו זיך אין מאליס פּופּענטענץ, עס איז די גרויסע טשאַפּלינאַדע פון דער קליינער פּיקאָן, דער סטילישער טרויער, וואָס רירט זיך, ווי אַ פּאַנצער אָן אַ גוף. עס איז די אנט־גופונג פון דעם שאַבלאָניצירטן טעאַטער־פּיגער, די אויפלעבונג פון אַלע שאָטנס, וואָס באַפּעלקערן דאָס קעניגרייך פון אונזערע חלומות.

באָבע־מעשה. מערכן־שפּיל. ליאַלקע־דראַמע.

מאַלי פּיקאָן דערנעענטערט זיך אַלץ מער צו איר איינציקן קאָנקורענט — צו טשאַפּלינען. ווי ביי טשאַפּלינען איז אין איר חוזק — טרויער, פֿאַרגעבונג, פֿאַרלוירנקייט. קאַטינקא וויל קושן איר געליבטן, גיט זיך אַ לאָז אויף אים מיט איר קוש — יענער ציט זיך קריק, איר קוש בלייבט אינדערלופֿטן, ווי אַ געשאָסענע פֿאַווע, ווי... דער צער פֿון דער וועלט.

קאַטינקאַ־פּיקאָן „ברעכט־אויס די קנעכלעך” פֿון אַלע סיבות, איר פֿייער האָט דעם קאָליר פֿון ברענענדיקן בראָנפֿן. איר קע/ט האָט די שיינמוסטערן פֿון פֿראָסט אויף אַ פֿענצטער. איר אומעט איז — סאַמעט, איר שפּאַס איז — אַרליקעניש. איר קליינביסל וווּלגאַריטעט איז... דער אונטערהויז פֿון אַ ליאַלקע, ווי אַ ליאַלקע קאָן מאַלי ווייזן איר נאַקעטן בויך, און קיינער וועט דערפֿון נישט זינדיקער ווערן. פֿאַרקערט: די הייליקייט פֿון דער באַשאַפֿונג, דער ווונדער פֿון אונזער אַנאַטאָמיע אין איר שפּאָטנאַקעטקייט. פּיקאָנס עראָטיק איז דאַר און אַ ביסל פֿאַרגרינט, ווי אַלטער קופּער.

---

מאַלי פּיקאָן האָט צו זיך, (דאַכט זיך מיר) קיין גלייכן נישט אויף אונזער בינע — ווו די סוברעטין איז... ווייב, ווײַן און אונטערהויזן. מאַלי איז די ערשטע פּופּענגעשטאַלט אויף אונזער בינע, וואָס באַליידיקט נישט מיט אַלצו־מענטשלעכקייט. ווי אַ מאַריאָנעטע איז זי ריין — אין אירע גראָטעסקן. ווי אַ מאַריאָנעטע איז זי דורכויס שווישפּילערין. איר מאַסקע איז דער גאַנצער קערפּער! און ווי אַ מאַריאָנעטע טרינקט זי (ווי י. קאָטלער זאָגט) בלויז לבנה־מילך און עסט בלויז שטערן־באַנבאַנעס.

---

פּיקאָנס ריינער יידיש — דער אָפּרו פֿאַר מיין אויער. דער קרישטאָל פֿאַר מיין שפּראַך־ווונטש. אַזאַ איידעלער, חול־המועד־יידיש! נישט דער געפּוצטער יידיש, ווי ביי בערטא

גערסטאַן), נישט דער וואָכעדיקער הייסער, שפּראַך־פּלאַמפּלאַץ פון... נו, פון אַלע יידישע סובּרעטינס. נישט די קעכנישע יידישקייט פון אונזערע בּינע־מאַמעס, נאָר עפּעס אַזוינס, ווי אין אַ ליד פון דזשאַן דרינקוואָטער, ווי אין אַ נאָוועלע פון בּערגעלסאָן, אַן איבּערגעגאָסענע ליטעראַקייט, אַן איבּערגעטראַכטער צוּלהכעיסדיקער קליינער אַקצענט — פון איינעם, וואָס קען די שפּראַך, אַזוי נאָענט ווי די אייגענע ליפּן.

צו אַלע זיבּן־אַכט וואונדער פון דער וועלט: די פראַגע פון וואַנעט קומט צו מאלי פּיקאָן (ווי צו משה נאַדיר) אַזאַ ויידענער יידיש? — אפשר ווייל מיר זענען בּלויז אַוועקגעבּלאָנדזשעט אַזוי ווייט פון אונזער שפּראַך־קוואַל, צו זען אים נעענטער און דאָרשטיקער?

---

ווי אַ זעלטענער הונגער איז מאלי פּיקאָנס שפּילן, ווי אַן אַפּעטיט איבּער צונג און ציין — אַן אַפּעטיט, וואָס קאָן ווילן, אָן אַ שיער מער ווי מען קאָן האָבּן.

מאלי־קאַטינקא טוט פּראָסטע זאַכן, טעאַטריצירט, אָבּער... עס איז דאָך די פרומע באָבע, וואָס פאַרהויבּט ס׳קליידל צו אַמוּזירן קראַנקע קינדער... עס איז דער „פּופּענפּראָפעסאָר", וואָס מאַכט בּיליקע מאַריאָנעטישע קונצן, צו דערהאַלטן בּיים לעבּן דעם — מיט דעם אָפּגעריסענעם שאַרבּן, צו קילן פיבּער, צו שטילן טרערן.

(איך האָבּ אַמאָל געטראַכט פון שרייבּן אַ טעאַטער־שטיק אַרום אַ שטאַרבּנדיקן קינד. די עלטערן שפּילן קאָמעדיע־בּוף, ווייל דער דאָקטאָר האָט געהייסן דאָס קינד פאַרווילן. עס האָט געזאָלט זיין די „טראַגעדיע פון גאָרנישט", — דורך דער „קאָמעדיע פון אַלצדינג").

---

מיין ליליענלויבּ צו דיר, מאַלי מיין פּיקאָן! דו אונזער

טשאַפּלינעסע, אונזער געקרוינטע מאַריאַנעטע, מיט... טויט־לע־בעדיקע אויגן!

דער חילוק צווישן מאַלי פּיקאָן און אַן אַנדערער סובּרע־טין איז, ווי צישן מיר און קאָוונערן (אַנטשולדיקט וואָס מיין אומבאַשיידנקייט איז נישט אַ ביסל גרעסער ווי דאָס!) קאָוונער שרייבּט — אינדערפרי, ניכטערערהייט. איך שרייב ביינאַכט... פאַרן שלאָפן גיין, אָפט מיט אַ פול האַרץ מיט וויין...

1926

# דער צעבראָכענער פֿידל

(אויף ע׳לענאָרא דוזעס אָפּלעבן)

## 1

כ׳בעט אײַך: רעכֿנט מיך נישט אַרײַן צווישן די „טרערנשפּריצערס”, וואָס שפּריצן מיט טרערן אויפֿן טויט פֿון דעם אָדער יענעם. איך האַלט מײַן טרער פֿאַר בילכערע. פֿאַר מיר. פֿאַר מײַנע. און גלויבט מיר, אַז דער פֿלי און אפילו דער אַראָפּפֿאַל פֿון אַן אָדלערקע איז גאָר נישט קײַן סך רירנדיקער, ווי דער פֿלי (און אַראָפּפֿאַל) פֿון אַן איבערגעשראָקענער הון, וואָס דערמאָנט זיך, אַז זי קומט פֿון אַ פֿליענדיקן שטאַם.

איר הויבט זיך שוין געוויס אָן ריכטן, אַז איך וועל „באַריידן די רייד”. אַרונטערטראַגעצירן דאָס טרויערגעשפּיל, וואָס מ׳רופֿט — אויף די ברעטלעך — מיט דעם אויסגעפּוצטן וואָרט: טראַגעדיע.

אַזוי ווי אין אַ סך אָרעמע, וויסטע לענדער קאָן אויף דער בינע קײַן לעבעדיקע זאַך נישט לעבן. אָבער דער חלום? צו וואָס דאַרף ער שוואַרצע ערד? רעגן? — אָדער בכלל ערד אָדער הימל? דער חלום איז נישט צוגעבונדן צום קלימאַט, צום סעזאָן, צו קולטור. ער בליט אומעטום. און וואָס ווילדער, אָפּגעלאָזענער, ברייטבלעטערדיקער — אַלץ שענער. אָפּגעהיטע, אַרומגעשוירענע, קולטיווירטע חלומותלעך זענען ווי די געמייסטערטע פֿלאַנץ־פֿלויטן אַרום אַ גרויסן, ווילדן וואַלד.

## 2

גרויס. גרעסער. גרעסטע.
גרעסטעסטע.

ס׳קליינע לעבן שטעלט זיינע גאָלד־געגלאַנצטע שילדן אַרויס: „גרעסטע קינסטלער״. די שילד איז ריזיק. די אותיות גוואַלדעווען, שרעקן־איבער, רופן אַרויס קנאה: אַזאַ ריזיק געשעפט!

אָבער פיינהערער הערן דאָס געשריי און שיטן עס אַרויס פון די אויערן, און — גייען עסן נאַכטמאָל. ווען דאָס לעבן זאָל האָבן אמתע ווערטן, קוואַליטעט, וואָלט עס אַזוי פיל שילדן נישט אַרויסגעהאָנגען. די „גרעסטע״ קינסטלער וואָלטן נישט געווען די רעקלאַם־לעטרן: מזווייסט: רייכע געשעפטן, איינגעפונדעוועטע, האָבן קליינע שי.דן מיט קליינע, פראָסטע אויפשריפטן.

## 3

מיין יונגער זון וויל וויסן: וואָס איז די סאַמע בעסטע זאַך אין דער גאַנצער וועלט?

אַנדערע קינדער (גרויסע און קלענערע) ווילן וויסן: ווער איז דער סאַמע גרעסטעסטער פון אַלע שוישפּילער? דער ריזיקסטערער פון אַלע שריפטשטעלער? דער גיגאַנטישסטער פון אַלע פלייטנשפּילער?

זוכט מען. קלערט מען. פרעגט מען ביי די קונסטמאַכער אַליין. זאָגט יעדערער מיט שמייכל: „נישט איך!״ און פון אָט די ווערטער טאַקע דאַרף מען, הייסט דאָס, דרינגען אַז אויב אַזאַ קינסטלער, ווי ער, קאָן ביי זיך זיין אַזוי ענוותדיק, איז דאָס אַליין שוין דער בעסטער סימן, אַז ער איז טאַקע דער סאַמע גרעסטער.

מ׳פאַרגעסט בלויז, אַז צו זיין דער גרעסטער, דאַרף מען האָבן הינטער זיך קלענערע, מיטלערע. דאַרף מען

גיין אויף איין ליניע מיט אַ סך אַנדערע, כּדי זיי אַריבערצע־אַקסלען. ווייל דער ערשטער קאָן מען בלויז זיין, ווו ס'איז דאָ אַ צווייטער און אַ דריטער.

דער וואָרער קינסטלער גייט אָבער נישט מיט קיינעם, מעסט זיך מיט קיינעם נישט און קאָן שוין צוליב דעם אַליין נישט זיין גרעסער. זיכער נישט דער גרעסטער. ווייל גרויס איז מען דורך ריינער קוואַליטעט. גרעסער: דורך קוואַנטיטעט.

אָבער צו זיין גרויס אַליין איז נישט גענוג. דאָס רייצט נישט. אָפּצושאַצן אמתע גרויסקייט איז שווער אפילו פאַר קע־נערס. קיין פייערפרווו איז נישטאָ, ווייל אמתע קונסט איז ווי יענער פרעציעזער מעטאַל, וואָס זשאַווערט אין דער ליכטיקייט. אפשר ווי דער נישט־פיקסירטער אָפּדרוק פון אַ פאָטאָגראַפישן אויפנעם. אמתע קונסט איז אַ סוד. און קיין מאַסן־סוד איז נישטאָ.

## 4

דאָס טעאַטער איז אַן אילוזיע. אַ ליגן, אָבער נישט אַלע געלינגט עס צו באַווייזן, אַז דער ליגן איז טאַקע — ליגן. ביי שוישפילער ווערט דער איידעלער, אונטער־די־הענט־וויאַנעדיקער ליגן, — אַ גראָבער, פשוטער אמת. די מעלאָדראַמע אפילו איבערצייגט. טירן אויף דער בינע האָבן היינט אמתע שלאָס־בלעטלעך. דאָס איז — קאָנקורענץ מיט דער גאָטשאַפט. מוז דען די זון נישט לאַכן, ווען מ'וויל זי אַריבערשטייגן מיט אַ וואַקס־ליכטל? מוז דען דער בייזער ווינט, וואָס רייסט דעם אייזער־נעם טעאַטער־טויער, נישט פּלאַצן פון געלעכטער, ווען ער הערט ס'געוויש פון דעם מאַשינדל, וואָס דרייט ווינט?

גרויס און נמאס איז דאָס אמתע לעבן. בוימער, פליי־פיפערנאָטערס, עלעפאַנטן, שקאַרלאַטינע, דעמאָקראַטיע. ווער קאָן זיך דאָ אויפפלאָנטערן? און שטעלט דען גאָט אַרויס בענקלעך אין דרויסן אַרויס און הייסט זיך באַצאָלן פאַר בילעטן?

ניין. נישט קאָנקורענץ דאַרף זיין דער מעטאָד. מ׳וועט מיט דער גאָטהייט גאָרנישט מאַכן. איר טעאַטער איז גרעסער און איר רעזשי איז אויסגעצייכנט. צו וואָס *צולעבן* צום לעבן? מיטוועלטן מיט דער וועלט?

דאַכטן דאַכט זיך אַמאָל: מ׳קאָן עפּעס יאָ אַראָפּבאַקומען. אָבער מען מוז גגבענען, ווען גאָט פּאַרקוקט זיך. נישט אָפּשפּיגלען דאָס לעבן, נאָר *דיקטירן* אים. פאַרשטייט זיך: דאָס וועט זיין ח״ק יק, נישטיק, קליינוועריק, אָבער — אַלץ בעסער, ווי מאַכן „האָפּ״, בעת יענער האַקט האָלץ.

דאָס טעאַטער — טראַכט איך מיר — דאַרף גיין צוריק אַהין, פון וואַנען עס איז געקומען, עס דארף איבערטרייבן. מאַכן פענסטער פון שטיין און ווענט פון גלאָז. דאַרף מוסטרעווען מוסטערס, וואָס זאָלן פאַרנעמען די אויגן, פאַרכאַפּן דעם אָטעם. אויב נישט קאָנקורירן, דאַרפן מיר זיך כאָטש רייצן, נעמען נקמה פון דער גרויקייט, וואָס פאַרשפּינט אונזערע טעג. האַרטער ווי שטריק, פּענטענדיקער ווי פּענטעס. מיר דאַרפן שטעלן קרום אַלץ, וואָס איז גלייך, כּדי זיך־ווי־עס אויסצוגלייכן מיט דעם אינסטינקט אין אונז זיך נאָכצוקרימען. און אַ כּלל דאַרף זיין פאַרן שוישפּילער: שוואַרצע כאַראַקטערן שפּילן ווייס, ווייסע — שוואַרץ. נישט אַריינשרייען אין געשריי אַריין, ווייל דאָס *נייטראַליזירט*. נישט רעדן מיטן אויטאָרס קול, נאָר דעקלאַמירן מיט אים אין דועט.

עלענאָרא דוזע וועט שוין, פון דעמאָלט־און־דעמאָלט אָן זיין אייביק טויט. אַ מענטש געשטאָרבן! און וואָס קאָן מען נאָך זאָגן נאָך איר. אַחוץ: „געלעבט, געליבט און געשטאָרבן״! אַלע לעבן — ליבן — און שטאַרבן. נאָר דערווייל שטאַרבן *אַנדערע*. דאָס איז אַ שטיקל טרייסט.

ניין, נישט די גרעסטע, נישט די וווּנדערלעכסטע שוישפּילערין איז געווען *עלענאָראַ דוזע*. אַזאַ טיטל פּאַסט פאַר דער מיטלמעסיקער, באַרימערישער בערנהאַרד. די גרעסטע — געמאָסטן מיט אַנדערע, מיט קלענערע.

עלעאָנאָרא דוזע איז געווען אַן *אַלײניקע*. אין אירע

גלאַנץ־טעג אַ דינער, אומזיכערער, ניי־אויסגעטראַכטער שפּיל־אינסטרומענט. זי האָט נישט געשפּילט, נישט „געלעבט“ אויף דער בינע — נאָר געחלומט איר גרויסע אויסגעטראַכטקייט אין אַזוינע פריקרע־פיינע טענער, מוזיקאַלישדיקע גרילצן. איר גאַנצער קערפּער, ווי אַ האַנט, וואָס מ׳האַלט פאַר אַן עלעקטריש ליכט. און איר נשמה: נישט־דורכזיכטיקע, פיל־פאַרנעפּלטע אין איר האַלז האָבן געקלונגען שווערדן־און־פּלייטן. עפּעס שאַרפט און עפּעס אַזוינס, וואָס מען קאָן בלויז אויסטראַכטן, ווען מ׳איז אין קאַלטן, ריינעם וואַסער אין אַ לבנה־נאַכט — נאַקעט מיט דער וועלט און מיט זיך.

עלענאָראַ דוזע האָט טראַגיצירט, — עטלעכע טענער שטילער פון דער טראַגעדיע. האָט געשפּילט שפּאָרעוודיק־ריין. אומבאַרימעריש. האָט נישט געקלונגען מיט איר ביסל טאַלאַנט־רענדלעך. נישט דעקלאַמירט אין „גרויסע ציפערן“, נאָר געשפּילט אין איינסערס.

דער שוישפּילער מוז שנעל און פלינק באַמייסטרעווען זיין מאַטעריאַל: אַלע שפּילן אַנקעגן, קיינער לאָזט זיך נישט. פאַרלירסטו זיך אויף אַ מינוט, צערייסן זיי דיך. אָדער דו ביסט דער לייב — אָדער זיי. טעאַטער־שפּיל איז אַ דועל. מוזטו ציען אַ לאַנגע שווערד און איבערשרעקן. אָדער פאָכן פלינק. לאָזן בלישטשען דאָס שטאָל — עס זאָל דעם „שונא“ נישט בלייבן קיין צייט זיך אומצוקוקן.

דערפאַר שטופּן די היינטיקע שפּילער אַריין אַזוי פיל טאַלאַנט אין יעדער מינדסטער ראָל, אַז זי (די ראָלע) פּלאַצט אַזש, אָדער זיי „שיבן פאָזיציעס“. אַזוי פלינק בייטן זיך פון יונג אויף אַלט, פון מיאוס אויף שיין, פון אַקאַדעמישקייט אויף— „מאַלעריזם“.

דער דיכטער האָט צייט. ער קאָן געווינען זיין שלאַכט ביסלעכווייז. נישט היינט איז מאָרגן. דער שוישפּילער מוז היינט זיגן אָדער פאַלן. מאָרגן וועט ער ווידער מוזן „היינט זיגן אָדער פאַלן“.

און ס׳איז דאָך אַ רחמנות אויף דעם שאָטן, וואָס איז געבליבן איינער אַליין, אָן אַ מענטש.

עלענאָראַ דוזע איז אויסגעלאָשן. איר ראָמאַן מיט ד׳אַנונציאָן געענדיקט, לויט די געזעצן פון גוטער בינען־טעכניק. כאָטש ס׳קאָן זיין, אַז איר מאַרטירער־קרענצל איז געווען „גענומען אויף באָרג״. אפשר איז דער טומלדיקער גבריאל — דער נישט־עטישער, נישט־ריטערלעכער אַליין געווען אַ טייל פון דעם ליכט אויף איר דאָרן־קופּקע.

דאָס נעם איך (אַליין אַ נישט־עטישער, אַ פאַרשוועכנדיקער) מיך נישט אונטער צו באַווייזן.

7

איך האָב געזען עלענאָראַ דוזע אין איר רום־צייט. דעמאָלט האָב איך געקוקט אויף איר און געטראַכט: הינטער די קוליסן אַזאַ בידנע, וואָכעדיקע וועלט. קאָן מען צווישן אַזאַ שמאָל פּלאַץ ווי „דאָ און דאָרטן״ אַ כּישוף באַווייזן? און ווי איז דאָס לעבן, האָב איך געטראַכט פון דער פרוי, וואָס שטאַרבט דאָ פאַר אונז אַזוי דעליציעז? —

עלענאָרא דוזע, מיין עלענאָרא דוזע. דו וועסט לעבן, — זאָגן זיי — אייביק. אָבער נאָך א יי ב י ק ע ר וועסטו זיין טויט. דאָס איז אַזוי טראַגיש, אַז אפילו דו וואָלסט עס נישט געקאָנט שפּילן.

טעאַטער. בינע. אילוזיעס. דער פּליסיקער, צענפאַרביקער ליגן ווערט האַרט און אמתדיק־אמת. אָבער ווו איז דעם ליגנס אמת? זיין טיפע שיינקייט? זיין טראַגיק?

אויף אַ צעבראָכענעם פידל איז געווען דיין שפּילן — די לעצטע טעג אין אַמעריקאַלאַנד. שלעכטע און פינקטלעכע האָבן געזאָגט: אַז מ׳האָט נישט קיין גוטן פידל, שפּילט מען נישט. חלומות־פאַרטשאַדעטע, לבנה־אָפּגעברענטע האָבן געזונגען: „אָ דו, מיין עלענאָראַ, דיין פידל וועט באַלד געזונט ווערן״. און זיי האָבן שווער געמאַכט דיין קאָלדרע מיט זייערע ב׳ומענבינט.

די קראַנקלעכע האָט שווער געאָטעמט. געבעטן: „ס׳פּענסטער מאַכט אויף!“ אָבער ווער וועט אויפמאַכן ס׳פּענסטער אין אַ שטוב, וואָס עס איז אָנגערעדט אַזוינע לויב־געזאַנגען? זיי קאָנען נאָך דורכן פענסטער אַרויספליען. און ווער וועט די בלומענבינט אַראָפּנעמען פון אַ האַרץ, וואָס האָט קיין כּח נישט? — עלענאָרא. עלענאָרא.

די קראַנקע פידל. דו, וואָס דו ביסט פון דער צייט געשפּילט געוואָרן ביז צעבראָכנקייט. דו מיט דיין עלנט לעבן, דיין נאָגעדיק־פאַרשליסן־זיך! נישט פעלער האָב איך געזוכט אין דיין שפּילן. אויך נישט באַהאַלטענע רמזים, נאָר דו אַליין, די העראָאיש־אויסגעטראַכטע, ביסט געשטאַנען פאַר מיר, ווי אַ ווייַנקרוג אַראָפּגעלאָזן פון אַ קינדס שוואַכער האַנט, מיטן ריח פון ווייַן אויף די גאַסנשטיינער. ווי אַ פידל אַ צעבראָכענער — דער סימבאָל פון אונזער אַלעמענס שיינקייט־לעבן, וואָס דויערט נישט לאַנג, און וואָס ס׳ענדיקט זיך, ענדיקט זיך, ענדיקט זיך.

# מיר גיי מיר א ביסל אויף קברים

(אויף זאַנגווילס אָפּלעבן)

די אייביקייט — ווערט זי געהרגעט! לעבנס נוצט זי אויס. וויפיל טייכן כליפּעט זי אויס —

די אייביקייט, די אייביקייט! ווי אַ הונגעריקן צירק־וואָלף (ביי שלעכטע געשעפטן), פיטערן מיר זי מיט אונזער לעצט ברעקל ברויט.

און די געניטע קונסט (קנוסט)—ווייסט איר ווער דאָס איז? אַ ביטערע שיילאָקיכע איז דאָס. דאָס פונטעלע פלייש וויל זי. פון סאַמע האַרץ אַרויס.

גיב איר ס׳האַרץ. היידודאָרט! גיב איר, גיב איר! וועט זי דיר צוריק געבן — ווייסטו וואָס? היינעס געפוצטע מצבה אויפן מאָנטיאָרע — ווו פאַוואָלידינקע דייטשן שטעלן בלומען־טעפלעך, מיט זייערע וויזיט־קאַרטלעך — „דר. קאַצענבלימל. אַרצט. מינכען. שפּרעכשטונדן צווישן 4—6״.

*

מיט אַ טרומייטערל אין לייבס מויל אַריין. מיט קלינגל־גלעקלעך אויף די שיך. מיט שטאָל־טרימלערס אויף די ציין — פאָרן מיר לעמפּערטווערטס, און פאַשען־אויס, און גרייטן צו ס׳רויטע פונטל פלייש פאַר דער מאַדאַם קונסט, וואָס האָט אונז סוף־כל־סוף אין דר׳ערד.

אָבער מיט ווייניקער ווי מיט אַ שטיק האַרצפלייש ווערט עס נישט געמאַכט! שניץ זיך דיר, ברודערל, פּיראַמידן מיט אַ פענמעסערל, שניידט־צו שאָטנהויזן מיט פאַלאַבענס — טאָמער וואַקסט דער שאָטן אויס און ווערט עלטער. אָבער די קונסט

איז נישט װעגעטאַריש, און קיין דרשה־געשאַנק־געבערין איז זי אויך נישט. נאָר אַ קאַניבאַליכע איז זי!

מוז דער קונסטמאַכער געמאָסטן װערן פּונקט פּאַרקערט, װי דער קונצנמאַכער: — נישט װיפיל מאָל ער גייט אַריבער דעם שטריק איבער דער שװינדלדיקער הויך, נאָר װיפיל מאָל ער פאַלט אַראָפּ און צעברעכט זיך האַלז און נאַקן.

*

זאָלן אַנדערע אַװעקשטעלן אַ קעפּל „ישראל זאַנגװיל דער טרוימער פון געטאָ״, לאָזן די גייסטיקע װינטמילן .זייערע מאָלן דאָס װייסע ברויט פון מליצה, זאָלן אַנדערע לעקן דעם שוים פון דער װיינפלאַש, װען זי איז אויך נאָר בלויז קאָרעק און פּאַק־בלעך און פלאַשן־טעם —

„טרוימער״. כּ׳לעבן, מיר אַלע צעטרוימלען אונזערע פאָר יאָר און צעשיטן עס װי זאַלץ אויף דער פּאַװעס הינטערפּעכער — טרוימער, ליבהאָבער „בענקערס״ (בענקאַרטס) — איך און דו, משה לייב און איך און דו, יאָסל קאָטזער, און דו, יעװוגענאַ פון מאָנטמאַרט, מיר אַלע אויף די האַרטע ערדן פון דער װעלט. מיט טרוימשפּיגעלעך אין די אויגן, מיט אָנגעבויגענע קעפּ — צו דער לויה־באַגלייט פון די טעג, װאָס באַגלייטן אונז — די נאָכגייער, װאָס גייען נאָך דערװייל קריק און צעטרענצלען שטיקלעך לבנה אויף מיידלטום און גאָטװאַרג, און... אָך, לאָמיר אָפּציען דעם אָטעם און אָפּרוען!

*

י. זאַנגװיל דער „אוהב ישראל״ — דער דעליקאַטנער צאָרנטרעגער, דער אָנזאָגער —

װאָס זאָגסטו־אָן, איך בעט דיך, מיין טייערער ישראל?

משיח פאָרט! מיר שטופּן אונטער ס׳פערדל. יידעלע-קרוין טראָגט אונטער דעם עק פונם משיח־פערד דעם װייסן — מאַכטס אַ װאַרע!

צעפלימערטע זאַמדן אין דער מדבר, האַ? משיח־טריט...

די „טרוימערס" און די „זין פון דער געטאָ", די „נאָמען־מייסטערס" (די בעלי־השם) און די, וואָס שטאַרבן אויף די מאַטראַצן־בערג פון אַ בוידעם־שטיבל אין פראַנקרייך.

טרוימער און סטיל־פאָרשער און — יידן־ליבהאָבער!

זאַנגוויל גייט נישט אַוועק. אָבער צוריקקומען וויל ער פאָרט. פ ו נ ו ו אַ נ ע ן צוריקקומען, — אַז מ'איז נישט אַ ו ע ק ג ע ג אַ נ ג ע ן ?

ווי אַזוי זיך אויפהויבן און אָפגעבן כבוד דעם „פאָן מיטן עפּעלע", אַז מ'האָט פריער אויך נישט געהאַט קיין אָרט וווּ צו זיצן?

זאַנגוויל איז זיך מגייר, כאָטש ער האָט זיך קיינמאָל נישט געשמדט. פון צוויי מאָל באַשניידן ווערט מען אָבער נישט מער ייד — סע טוט נאָר מער וויי!

לאָזט אייך דינען מיט אַ משל: גאָט האָט אַ ווונד באַשאַפן, און זי וואַלגערט זיך אַרום איינע אַליין — ווייסט נישט, וועמען זי זאָל וויי טון. וויינט די ווונד פאַר גאָט: „גאָט, שיק מיר עמעצן, וואָס איך זאָל אים וויי טון מיט מיין כח" — דערמאָלט, צי ניין? — ווערט באַשאַפן אַ מענטש, וואָס טראָגט די ווונד — איז ער נביא, אַ טרוימער. מיט קרייצשטאָך אויף די אויגן. מיט אויגן, וואָס זענען אַ געוויין — דער נחת־געוויין פון דער ווונד, וואָס האָט געפונען איר היים...

*

ע ר זאָגט: זאַנגוויל דער סטיליסט.

א י ך ענטפער: זאַנגוויל — אַ ו ד א י דער סטיליסט. דער סטיל־צונויפטראַכטער. דער יידיש־זאָגער אין דעם געפּרעפּל פון ביבלישקייט, דער קליינער אומיסנידיקער אַקצענט אויף ליפּן שיינע, וואָס זענען אַליין סטיל.

סטיל איבער סטי.., שפּיץ אויף שפּיץ. דער שאלאַכמאָנעס טראָגט זיך אַליין אויף אַ טעלער — בלויז אַ האַנט מיט אַ טעלער... וואָס קאָן זיין וווּנדערלעכער — איר זאָלט מיר זיין געזונט?

הינטער דער האַנט, הינטער דעם שאַלאַכמאָנעס־טעלער איז...

דער שאָטן פון פּראַק. די אָפּגעהאַקטע, קורצע, רעפאָרמערישע וואָכעדיקע יידישקייט (יודאַיזם). זאַנגוויל דער מענטש שענקט זיך נישט אַוועק קיינעם. ער גיט, וואָס ער פאַרמאָגט, און אַ ביטל מער. (מיר האָבן שוין געזאָגט: „די האַנט"). אָבער ס'איז נישט ביז אַראָפּ! ביז־אַרויף — יאָ! ביז צום הימל. ביי צו די בידנע־באַוונגענע שטערן. ביז די לעצטע פּיצלעך חלום — אָבער די פיס זעט מען נישט. און די דינע (אָפּט ציטערדיקע) קניעס און נאָר דעם איידעלן הויקער אויף דער נאָז. די רייטנדיקע שטאָלצע ברילן, דעם ליכטיק־דעקאָראַטיוון קאָפּ.

זאַנגוויל האָט ליב יידן. איך אַליין (און הלל צייטלין) זענען מיר אויך קיין יידנפיינט נישט. פאַרקערט! ריין און כשר און פרום רינען די טרערן איבער אונזערע פאות. מיר זענען אין די „ערשטע רייען", מיר שלעפּן הבדלה־פּאַקליעס. מיר זינגען זמירות, מיר זענען אַנטקעגנגייערס (ווי נאָמבערג זאָגט: „יאַך בין אַ פּרעקטיקער גייער"!).

אָבער די מאָס, מיין איך, פון אַ שטריימל איז נישט דער ווערך, און אפילו נישט דאָס גלאַנצל, וואָס איז הינטער דעם שטריימל. נאָר... די געשאָסענע פוקסלעך, דאָס פּיינע, „פונטעלע פּלייש", וואָס מיר האָבן שוין גערעדט דערפון.

מיר אַלע (4 אָדער 5) און — דאָסטאָיעווסקי...

זאַנגוויל סערווירט ס'פונט פלייש, ווי אַן... ענגלענדער — מיט אַ סך געווירצן, מיט פּאָמידאָרנזאַפּט — אָנשטאָט בלוט, מיט אַ סך, אַ סך „קעטשופּ".

די מאַדאַם קונסט (די קאַניבאַליכע) וויל דאָס איבעריקע נישט. זי איז שוין אַ גוטער מבין! זי גיט אַ שניפּ מיט דער נאָז און זאָגט (ווי ס'האָט געזאָגט דאָס קליינע מיידעלע מיטן ראָץ־נעזל, וואָס איז מיר פאַרלאָפן דעם וועג אין באָווידוואָר, בעת איך בין געגאַנגען אָנגעטון אין פעלערינע און „שפּאָרן"): „ער האָט מיר אַ טעם!"

*

זאַנגווילס פאַרדינסט: די 63 יאָר, וואָס ער האָט געלעבט —

אין דעם נעפּלדיקן ׳אָנדאָן׳ אין דער דיק־ראַזירטער פּאָגע פון שטילן, ריטמישן טראַכטן, פון מוזיקאַלישן בייזערן זיך און וואָרענען (ווי די שיפן ארום לאָנדאָן אין פּאָגע־נעכט).

זאַנגוויל איז „געבענטשט פון גאָט מיט טאַלענט״ — מענטש איינער! איך אַכפּער און ער די, וואָס זענען מיט טאַלענט... פאַרבאָלטן.

זאַנגווילס וואָרט האָט געטראָפן אין קאָפּ, און האָט דורכגעברענט — ווי אַ בליק, אָבער נאָך דעם האָט ווידער... געוואַקסן גאָטס ביסל גראָז, ווי פריער האָבן געגרינט די יום־כפור־בערלעך פון „יידנליבע״, וואָס מאַכן איילק די ציין.

ישראל זאַנגווילס וואָרט איז געווען אַ געשפּאַן אינם רייטוואָגן פון... אונזער דיאַספּאָראַ. זע מיין פאָלק! פונקען פליען פון אונטער דעם רייטוואָגן! האָרך מיין פאָלק, בייטשן קנאַקן איבער... דער ׳ופט און צערייסן איר אַ קריזש... בלוט רינט פון דער הוילער לופט... — פאַנכירן פלאַצן, געקוילעטערהייט זאָל דאָס זיין, ליהיי מיר וואָלטן געבראַכט אַ בראַנדאָפּער און אַ ויאַסעראָפּער?...

*

זאַנגוויל דער סטיל־אויסטראַכטער איז צווישן די ווינציקע יידן, וואָס ערלויבן זיך פרייהייטן מיט דער ענגלישער שפּראַך. „באַשלייפט״ זיין שפּראַך אָן ריטואַל, אָן אָנשטעל. אָן צירלעכקייט. להיפּוך צו די אַלע „יידעניסטן״, וואָס היטן אַזוי די טהרת־המשפּחה פון אַלע פרעמדע שפּראַכן. ווי — פרעמדע, ווי שדכנים, וואָס קאָנען אַליין דעם טעם נישט פאַרזוכן —

זאַנגווילס יידישקייט האָט דעם זיבעטן חן (טאַקע בלויז דעם זיבעטן) פון אַ חן־פּלעסטערל, וואָס פאַרדעקט נישט קיין פּרישטש. זיינע יידישע מאָטיוון ווערן דיסטאַנצירט דורך דער ווייטקייט פון דער ענגלישער שפּראַך, וואָס איז אַזוי ווייט פון אונז דורך דעם, וואָס זי איז אונז אַ „ברודער־לויט־דער־ביבל״. ענגליש איז די קריסטלעכסטע שפּראַך אין דער וועלט, ווייל

זי טײלט מיט אונז ס׳חומשל — אויף דער העלפט.

דעריבער איז די װײטקײט אירע אַזאַ ביטער־הוילע, אַזאַ זינדיקע.

לײענען מיר זאַנגװילס „בעל־שם״ אויף ענגליש, איז דאָס װי אַ שײן װידערקול. מעסט מען דען אַ װידערקול בײנאַכט אין דער װיסטעניש מיט דער מאָס פֿון... דיקציע, פֿון מוזיק?

האָב איך אָבער אַ שטיקל פֿאָרטל: איך נעם און איבערזעץ מיר דאָס זעלבע אַנטי־ייִדישטע ייִדישקײט קריק אויף ייִדישקײט. דאָס איז דער פּריװושטײן — — איך פֿיר קריק ס׳װידערקול — צום קול. צו די ליפּן. און איך זע, צי די ליפּן ציטערן. צי זײ נעמען עס אויף, װי אײגנס.

זע איך עס אויך אין זאַנגװילן? (װי איך האָב עפּעס געטון מיט קאַרל עמיל פֿראַנצאָז און מיט יושקעװיטשן?)

איך בעט אײך: נישט א י צ ט.

אַ מענטש — אָט ערשט איז ער אין דער לאָזשע געזעסן פֿון „קעסלערס טעאַטער״ אין ניו־יאָרק. בערטא קאַליש האָט אים שולמית געשפּילט. און ער האָט זיך (װי אַ קעניג פֿון דער געטאָ) פֿאַרנײגט פֿון דער לאָזשע אַרויס און געענטפֿערט צו דער מאַדאַם קאַליש אויף ענגליש:

„נײן, מאַדאַם. דאָס שטיק, װאָס איר שפּילט איז נישט קײן היסטאָריש שטיק — װי איר זאָגט. נאָר דאָס שטיק אַלײן איז היסטאָריע״.

דעמאָלט האָבן זײנע אויגן געלעבט. געלעבט. דאָס שװאַרץ־זײדענע בענדל האָט צוגעהאַלטן די ברילן, װאָס די אָדלערישע נאָז האָט אויף זיך גרויסמוטיק געלאָזט רײטן.— —

איצט ציט זײן נאָמען דעם שטריק פֿון דעם גלאָק, װאָס קלינגט אַװעק זײן אָטעם. זײן טאָג.

האָב רחמנות, יעהאָװאַ, און פֿאַרמשפּט מיך מער נישט מיט מײן אײגענעם שאָטן צו מעסטן די לענג פֿון די שאָטנס, װאָס ענדיקן זיך בײ אונזערע שװעלן.

1926